קארל מארקס.

# ארבייטס־לוין און קאפיטאל

(יודיש: ש. י. לאָנדינסקי).

צווייטע אויפלאגע.




№ 11—1922

קארל מארקס.

# ארבייטס-לוין און קאפיטאל

(יודיש: ש. י. לאנדינסקי.)

צווייטע אויפלאגע.



פארלאג „די וועלט"

№ 11--1922

קאַרל מאַרקס.

# אַרבּייטס-לוין און קאַפּיטאַל.

(יודיש: ש. י. לאָנדינסקי).

# וואָס איז אַרבייטסלוין?

# ווי אַזוי ווערט ער בעשטימט?

אַז מען וועט פרעגען ביי אַרבייטער: ווי גרויס איז אייער אַרבייטסלוין? וועט איינער ענטפערן: „איך בעקום פון מיין בעל-הבית 1 פראַנק פאַר אַן אַרבייטסטאָג"; דער צווייטער: „איך בעקום 2 פראַנק א. ז. וו. זיי וועלען אָנרופען פערשיעדענע געלד-סומען, וואָס זיי בעקומען פון זייער יעדעסמאָליגען בעל-הבית פאַר טהון אַ בעשטימטע אַרבייט, צ. ב. פאַר וועבען איין איל לייוועגט, אָדער פאַר אויסזעצען איין דרוק בויגען, לויט די פערשיעדענע פאַכען, צו וועלכע זיי געהערען. נישט קוקענדיג אויף די פערשיעדענקייט פון זייערע ענטפערען, וועלען די דאָזיגע ענטפערען אין איין פרט שטימען: דער אַרבייטסלוין איז די סומע געלד, וואָס דער ב"ב צאָהלט פאַר אַ בעשטימטע אַרבייטסצייט, אָדער פאַר טהון אַ בעשטימטע אַרבייט.

דוכט זיך, דער בעל-הבית קויפט זייער אַרבייט פאַר געלד. פאַר געלד פערקויפען זיי איהם זייער אַרבייט. אָבער דאָס דוכט זיך נאָר אַזוי. באמת פערקויפען זיי דעם קאַפּיטאַליסט בלויז זייער אַרבייטסקראַפט. דער קאַפּיטאַליסט קויפט די אַרבייטסקראַפט אויף אַ טאָג, אַ וואָך, אַ חודש א. ז. וו. און האָט ער זי געקויפט, פערנוצט ער זי, געבענדיג די אַרבייטער אַרבייט אויף די געדונגענע צייט. פאַר די זעלבע סומע געלד, וואָס דער ב"ב האָט געקויפט זייער אַרבייטסקראַפט, צ. ב. פאַר צוויי פראַנק, וואָלט ער געקאָנט קויפען צוויי פונט צוקער, אָדער אַן אַנדער סחורה. די 2 פראַנק, פאַר וועלכע ער קויפט די 2 פונט צוקער, זענען דער פרייז פון די 2 פונט צוקער. די 2 פראַנק, פאַר

זועלבע ער קויפט די צוועלף שעה בענוצונג פון ארבייטסקראפט, זאגען דער פרייז פון צוועלפ׳שעה׳איגער ארבייט. די ארבייטס־קראפט איז אלזא נישט מעהר און נישט ווייניגער סחורה, ווי דער צוקער. די ערשטע מעסט מען אויפ׳ן זייגער, די צווייטע — אויף א וואג.

זייער סחורה, די ארבייטסקראפט, טוישען די ארבייטער אויס אויף די סחורה פון קאפיטאליסט, אויף געלד און דער דאזיגער אויסטויש קומט אפט פאר אין א בעשטימטען פערהעלטניש: אזוי פיעל געלד פאר אזא לאנגען בענוצען פון ארבייטסקראפט. צוויי פראנק פאר א 12 שעה׳איגען וועבען. צי שטעלען אבער די צוויי פראנק מיט זיך נישט פאר אלע אנדערע סחורות, וואס איך קאן פאר 2 פראנק בעקומען? באמת האט דער ארבייטער אלזא אויסגעטוישט זיין סחורה, די ארבייטסקראפט, אויף כל־ערליי אנדערע סחורות, און אפילו אין א בעשטימטען פערהעלטניש: דער בעל־הבית, וואס גיט איהם די 2 פראנק, גיט איהם מיט זיי אזויפיל און אזויפיל פלייש, קליידונג, האלץ, ליכט א. ז. וו. די צוויי פראנק דריקען אלזא אויס דאס פערהעלטניש, אין וועלכען די ארבייטסקראפט ווערט אויסגעטוישט אויף אנדערע סחורות, דעם *טוישווערט* פון דער ארבייטסקראפט. דער טוישווערט פון א סחורה, אבגעשאצט אין געלד, הייסט איהר *פרייז*. דער ארבייטסלוין איז אלזא בלויז א בעזונדער נאמען פאר׳ן פרייז פון דער ארבייטסקראפט, וואס מען רופט געוועהנליך דעם *פרייז* פון *דער ארבייט*. דער ארבייטסלוין איז דער פרייז פון דער אייגענארטיגער סחורה, וואס דריקט זיך אויס נור אין מענשליכען בלוט און פלייש.

נעהמען מיר וועלכען נישט איז ארבייטער, צ. ב. א וועבער. דער בעל־הבית שטעלט איהם צו א וועבשטוהל און גארן. דער וועבער זעצט זיך צו דער ארבייט און פון גארן ווערט לייוונט. דער ב״ב נעהמט זיך צו דעם גארן און פערקויפט איהם, לאמיר זאגען, צו 20 פראנק. צי איז דעם וועבערס ארבייטסלוין א חלק אינ׳ם לייוונט, אין די 20 פראנק, אין פראדוקט פון זיין ארבייט? בשום אופן נישט. זיינע שכירות האט דער וועבער בעקומען נאך

אײדער די לײַוועגט איז פֿערקויפֿט געוואָרען, אפשר אַ סך פֿריהער אײדער די לײַוועגט איז נאָך אפילו אײַנגאַנצען פֿערטיג געוועזען. דער קאַפּיטאַליסט צאָהלט אַלזאָ די דאָזיגע שכירות, נישט מיט דעם געלד, וואָס ער וועט אָבלײזען פֿאַר די לײַוועגט, נור מיט אַנדערען פֿריהער-פֿערדינטען געלד. ווי די וועבשטוהל און דער גאַרן, וואָס דער ב"ב שטעלט צו דעם וועבער, זענען נישט דעם וועבערס קײן פּראָדוקט; אַזוי זענען אויך נישט דעם וועבערס פּראָדוקט די סחורות, וועלכע ער בעקומט אין אויסטויש אויף זײַן סחורה, אויף זײַן אַרבײטסקראַפֿט. זעהר מעגליך, דער ב"ב זאָל גאָר אויפֿן לײַוועגט נישט געפֿונען קײן קונה. זעהר מעגליך, ער זאָל זיך אפילו דעם אַרבײטסלוין נישט אויסשלאָגען. עס איז אָבער אויך מעגליך, ער זאָל בעקומען אין פֿערגלײַך צום וועבלוין אַ זעהר גרויסען ריוח. דעם וועבער געהט דאָס אָבער לגמרי נישט אָן. דער קאַפּיטאַליסט קויפֿט מיט אײן חלק פֿון זײַן פֿריהערדיגען פֿערמעגען, פֿון זײַן קאַפּיטאַל, די אַרבײטסקראַפֿט פֿון וועבער פּונקט אַזוי, ווי ער האָט אײַנגעקויפֿט מיט אַן'אַנדער חלק פֿון זײַן פֿערמעגען די רויהשטאָף—דעם גאַרן — דעם אַרבײטס-אינסטרומענט — און די וועבשטוהל. און האָט ער דאָס אַלץ אײַנגעקויפֿט און בתוכם די אַרבײטסקראַפֿט, וואָס איז נויטיג פֿאַר דער לײַוועגט-פּראָדוקציע — פּראָדוצירט ער סחורה פֿון די רויהשטאָפֿען מיט דער הילף פֿון די אַרבײטס-אינסטרומענטען. צו די לעצטע געהערט אויך אונזער גוטער וועבער, וואָס האָט אַזוי פֿיעל חלק אין דעם פּראָדוקט, אָדער אין פּרײַז פֿון פּראָדוקט, פּונקט ווי דער וועבשטוהל.

דער אַרבײטסלוין איז אַלזאָ נישט דעם אַרבײטערס חלק אין דער סחורה, וואָס ער האָט פּראָדוצירט. דער אַרבײטסלוין איז אַ טײל פֿון אַ פֿריהערדיגער סחורה, מיט וועלכער דער קאַפּיטאַליסט האָט אײַנגעקויפֿט די נויטיגע סומע פּראָדוקטיווע אַרבײטסקראַפֿט.

די אַרבײטסקראַפֿט איז אַלזאָ אַ סחורה, וואָס איהר בעזיצער, דער אַרבײטער, פֿערקויפֿט דעם קאַפּיטאַל. פֿאַרוואָס פֿער-

קויפט ער זי? כדי צו לעבען.

די טעטיגקייט פון דער ארבייטסקראפט, די ארבייט, איז אייגענטליך די לעבענסטעטיגקייט פון ארבייטער, זיין אייגענער לעבענס-אויסדרוק. און די דאזיגע לעבענסטעטיגקייט פערקויפט ער א דריטען, כדי צו בעקומען די נויטיגע לעבענס-מיטלען. זיין לעבענסטעטיגקייט איז אלזא נור א מיטעל, כדי צו קאנען עקזיסטירען. ער ארבייט, כדי צו לעבען. די ארבייט רעכענט ער אבער אין זיין לעבען נישט אריין, זי איז גיכער דער קרבן פון זיין לעבען, א סחורה, וואס ער פערקויפט א דריטען. דער פראדוקט פון זיין טעטיגקייט איז דעריבער נישט דער צוועק פון זיין טעטיגקייט. וואס ער פראדוצירט פאר זיך אליין איז נישט די זייד, וואס ער וועבט; נישט דאס גאלד, וואס ער ציהט ארויס פון גאלדגרוב; נישט דער פאלאץ, וואס ער בויט. פאר זיך אליין פראדוצירט ער נור ארבייטסלוין: זייד, גאלד, פאלאץ—פערוואנדלען זיך פאר איהם אין א בעשטימטען סכום פון לעבענס-מיטלען, אפשר אין א בארכען לייבעל; אין א קופערנע מטבע, און אין א קעלער שטוב. און דער ארבייטער, וואס וועבט, שפינט, בויערט, דרעהט, בויט, שיפלעווען, האקט שטיינער, טראגט א. ז. וו. גאנצע 12 שעה אין מעת-לעת, צי האלט ער דאס צוועלפ'שעה'איגע וועבען, שפינען, בויערען, שיפלעווען, שטיינער האקען, טראגען א. ז. וו. פאר אנ'אויסדרוק פון זיין לעבען, פאר לעבען? להיפך. דאס לעבען הויבט זיך ערשט פאר איהם אן, בעת די דאזיגע טעטיגקייט הערט אויף: אין דער היים, ביים טיש, אין בעט. די צוועלפ'שעה'איגע ארבייט דאגעגען האט פאר איהם נישט קיין זינען אלס וועבען, שפינען, בויערן א. ז. וו. נאר ווי א פערדינסט, וואס גיט איהם די מעגליכקייט צו האבען א היים, א טיש, א בעט. וואלט דער זיידווארם געשפינען, כדי אויפצוהאלטען זיין עקזיסטענץ אלס רויפע,*) וואלט ער זיין געגליכען צום לוינארבייטער.

*) דער זיידווארם געהט דורך אין זיין לעבען פערשידענע פארמען.

ניִשט תמיד איִז די אַרבייִטסקראַפֿט געווען אַ סחורה, ניִשט תמיד איִז די אַרבייִט געווען לוינאַרבייִט, ד. ה. פֿרייַע אַרבייִט. דער שקלאַף פֿערקויפֿט ניִשט זייַן אַרבייִט דעם שקלאַפֿאייִגענטיִמער, אַזוי ווי דער אָקס פֿערקויפֿט ניִשט זייַנע לייִסטונגען דעם פּויער. דער שקלאַף איִז איינמאָל-פֿאַר-אַלעמאָל פֿערקויפֿט צוזאַמען מיִט זייַן אַרבייִטסקראַפֿט צו זייַן האַר. ער איִז אַ סחורה, וואָס קען איִבערגעהן פֿון איין האַר צום צווייִטען. ער אַלײין איִז אַ סחורה, אָבער די אַרבייִטסקראַפֿט איִז ניִשט זייַן סחורה. דער לייַבאייִגענער פֿערקויפֿט נור אַ טייִל פֿון זייַן אַרבייִטסקראַפֿט. ניִשט ער בעקומט שכירות פֿון ערדבעזיִצער, דער ערדבעזיִצער בעקומט גיִכער פֿון איִהם אַ געוויִסען ציִנז. דער לייַבאייִגענער געהערט צו דער ערד און ברענגט דעם ערדבעזיִצער אַ געוויִסע פּרוכט. דער פֿרייַער אַרבייִטער אָבער פֿערקויפֿט זיִך זעלבסט און דערצו נאָך שטיִקלעכווייַז. ער פֿערהאַנדעלט טאָג-בייַטאָג 8, 10, 12, 15 שעה פֿון זייַן לעבען צו דעם, וואָס צאָהלט מעהר: צום בעזיִצער פֿון רויהשטאָפֿען, אַרבייִטס-איִנסטרומענטען און לעבענסמיִטלען, ד. ה. דעם קאַפּיִטאַליִסט. דער אַרבייִטער געהערט ניִשט צו קיין אייִגענטיִמער און ניִשט צום באָדען, אָבער 8, 10, 12, 15 שעה פֿון זייַן טעגליִך לעבען געהערען צו דעם, וואָס האָט זיי געקויפֿט. דער אַרבייִטער פֿערלאָזט דעם קאַפּיִטאַליִסט, צו וועלכען ער האָט זיִך פֿערדונגען, ווען ער וויִל; און דער קאַפּיִטאַליִסט זאָגט איִהם אָב, ווען ער געפֿיִנט עס פֿאַר גוט; ווי נאָר ער קען פֿון איִהם מעהר ניִשט האָבען קיין נוצען, אָדער ניִשט דעם אויסגערעכענטען נוצען. דער אַרבייִטער אָבער, וואָס זייַן אייִנציִגער הכנסה-קוואַל איִז דער פֿערקויף פֿון זייַן אַרבייִטסקראַפֿט, קען ניִשט פֿערלאָזען זייַן גאַנצען קלאַס קונים, ד. ה. דעם קאַפּיִטאַליִסטען-קלאַס און דערבייַ זיִך ניִשט אָבזאָגען פֿון זייַן אייִגענעם קיום. ער געהערט ניִשט צו דעם אָדער יענעם בורזשוי, נור צום גאַנ-

אין איינע פֿון די פֿאָרמען איז ער אַ רויפֿע; ער קען זיך דאָן ניִשט בעוועגען און איז ווי אין אַ טיִעפֿען שלאָף.

צען קלאַס בורזשואַזיע און אין דעם קלאַס בורזשואַזיע מוז ער געפונען אַ בעלן ד. ה. אַ קונה אויף זיין אַרבײַטסקראַפט.

איידער מיר נעהמען גענויער בעהאַנדלען די בעציהונגען צווישען קאַפּיטאַל און לוינאַרבײַט, וועלען מיר בקיצור בעטראַכטען די אַלגעמיינע בעדינגונגען, וואָס ווירקען ביים רעגולירען דעם אַרבײַטסלוין.

דער אַרבײַטסלוין איז, ווי מיר האָבען געזעהן, דער פּריַיז פון אַ בעשטימטער סחורה, פון דער אַרבײַטסקראַפט. דער אַרבײַטסלוין איז אַלזאָ אונטערגעוואָרפען די זעלבע געזעצען, וואָס רעגולירען דעם פּרייז פון יעדער אַנדערער סחורה. פרעגט זיך דעריבער: ווי אַזוי ווערט רעגולירט דער פּרייז פון אַ סחורה?

## דורך וואָס ווערט בעשטימט דער פּרייז פון אַ סחורה?

דורך דער קאָנקורענץ צווישען קונים און פערקויפער, דורך דאָס פערהעלטניש פון דער נאָכפראַגע צום אָנבאָט. פון אָנבאָט צום בעגעהר. די קאָנקורענץ, וואָס רעגולירט דעם פּרייז פון אַ סחורה, איז אַ דרייפאַכע.

פערשידענע פערקויפער לעגען פאָר די זעלבע סחורה. דער, וואָס קאָן די זעלבע מינים סחורות פערקויפען צום ביליגסטען, איז זיכער, אַז ער וועט אַלע אַנדערע פערקויפער פון דעם פלאַץ אַרויסשטופען און וועט בעקומען פאַר זיך אַליין דעם גרעסטען אָבזאַץ. די פערקויפער רייסען זיך אַלזאָ אַרום פאַר דעם אָבזאַץ, פאַר דעם מאַרק. יעדער פון זיי וויל פערקויפען, וואָס מעהר פערקויפען, ווי וויַיט מעגליך אַליין פערקויפען, אַרויסשטופען די קאָנקורענטען. פערקויפט איינער ביליגער פון אַנדערן, קומט פאָר אַ קאָנקורענץ צווישען די פערקויפער, וואָס דריקט אַראָב דעם פּרייז פון דער פאָרגעלעגטער סחורה.

אַ קאָנקורענץ קומט אָבער אויך פאָר צווישען די קונים, וואָס הויבט ווידער אויף די פּרייזען פון די אָנגעבאָטענער סחורה.

ס׳קומט לסוף פֿאַר אַ קאָנקורענץ צווישען די קונים און פֿערקויפֿער; די ערשטע ווילען, וואָס וועלוועלער קויפֿען; די צווייטע, וואָס טייערער פֿערקויפֿען. דער פּועל־יוצא פֿון דער קאָנקורענץ צווישען די קונים און פֿערקויפֿער איז אָבהענגיג פֿון דעם, ווי עס האַלט מיט דער קאָנקורענץ פֿון ביידע פֿריהער־דערמאָנטע צדדים, ד. ה. צי שטאַרקער איז די קאָנקורענץ אין דער מחנה פֿון קונים, אָדער אין דער מחנה פֿון פֿערקויפֿער. די אינדוסט[illegible] [illegible]יהרט אַרויס אויף איהר שלאַכט־פֿעלד צוויי מחנות איינע גע[illegible] [illegible]נדערע, און אין די רייהען פֿון יעדער מחנה בעזונדער [illegible]ט זיך פֿאַנאַנדער אַ קאַמף. די מחנה, וואָס אין איהרע [illegible]ען איז שוואַכער דער געגענזייטיגער קאַמף, בעזיגט בלי־ספק דעם געגנער.

נעהמען מיר אָן, אַז אויפֿ׳ן מאַרק געפֿינען זיך 100 קנויל בוימוואָל און קונים זענען דאָ אויף 1000 קנויל. די נאָכפֿראַגע איז אַלזאָ 10 מאָל גרעסער פֿון דעם אָנבאָט. די קאָנקורענץ צווישען די קונים וועט אַלזאָ זיין זעהר שטאַרק. יעדער איינער פֿון זיי וויל, ווי ווייט מעגליך, אַלע 100 קנויל בוימוואָל איינקויפֿען פֿאַר זיך. און דאָס איז נישט סתם אַ סברה: אין דער געשיכטע פֿון האַנדעל האָבען מיר איבערגעלעבט אַזעלכע פּעריאָדען פֿון אונגינסטיגע אומשטענדען, ווען עטליכע פֿעראייניגטע קאַפּיטאַליסטען האָבען נישט נור אָבגעקויפֿט אַזעלכע 100 קנויל בוימוואָל, נור האָבען אפילו געוואָלט פֿאַר זיך אויסקויפֿען דעם גאַנצען פֿאָרטיגען בוימוואָל פֿון זונזער ערד. יעדער קונה וועט אין דעם פֿאַל וועלען ארויסשטופּען פֿון מאַרק אַלע אַנדערע קונים, אָנבאָטענדיג פֿאַר׳ן בוימוואָל אַ פֿערהעלטניסמעסיג העכערען מקח. די בוימוואָל־פֿערקויפֿער, זעהענדיג דעם שטאַרקען געגענזייטיגען קאַמף אין דער פֿיינדליכער מחנה, וואָס פֿערזיכערט זיי דעם גאַנצען פֿערקויף פֿון די 100 קנויל בוימוואָל, וועלען נישט כאַפּען איינער דעם צווייטען פֿאַר די האָר, כדי אַראָבצודריקען דעם מקח פֿון בוימוואָל, בעת דער אַנדערער צד האַלט אין איין קאָנקורירען, אין איין אויפֿשרויפֿען די פּרייזען. אין דער מחנה פֿערקויפֿער ווערט מיט אַ מאָל שלום.

זײַ שטעהען אַנטקעגען די קונים ווי אײַן מאַן, די הענד פֿיסען־זאָפּיש פֿער־לענט, און זײַערע פֿאָדערונגען וואַלטען קײַן שיעור נישט געהאַט, ווען דער אָנבאָט אפילו פֿון די פֿער'עקשנ'סטע קונים, וואָלט נישט האָבען קײַן גרענעץ.

בכן, אויב דער אָנבאָט פֿון אַ סחורה איז שוואַכער, ווי די נאָכפֿראַגע אויף די דאָזיגע סחורה, קומט פֿאָר צווישען די פֿער־קויפֿער אַ זעהר שוואַכע קאָנקורענץ, אָדער לגמרי נישט קײַן קאָנקורענץ. אין דעם זעלבען גראַד, וואָס די קאָנקורענץ פֿאַלט צווישען די פֿערקויפֿער, וואַקסט אָבער די קאָנקורענץ צווישען די קונים. דער פּועל־יוצא: אַ מעהר־אָדער־ווייניג בעדײַטענדיג שטײַגען פֿון די מקחים.

ווי בעוואוסט, קומט אָבער אָפֿטער פֿאָר דער פֿערקעהרטער פֿאַל, און ממילא, דער היפּך'דיגער פּועל־יוצא, אַ סך גרעסערער אָנבאָט, ווי נאָכפֿראַגע: אַ פֿערצווײַפֿעלטע קאָנקורענץ צווישען די פֿערקויפֿער, אַ דוחק אין קונים, און די סחורה ווערט פֿערקויפֿט בחצי־חנם.

וואָס הייסט אָבער דאָס שטײַגען און פֿאַלען פֿון די מקחים, וואָס הייסט אַ הויכער מקח, א נידעריגער מקח? קוקט מען אויף אַ זעמדעלע דורך אַ מיקראָסקאָפּ, איז עס הויך, נידריג איז דער טורם אין פֿערגלײַך צו אַ הויכען באַרג. און ווערט דער פּרײַז רעגולירט דורך דאָס פֿערהעלטניש פֿון דער נאָכפֿראַגע און אָנבאָט, דורך וואָס, פֿרעגט זיך ווערט בעשטימט די דאָזיגע בעציהונג פֿון דער נאָכפֿראַגע אין אָנבאָט גופא?

ווענדען מיר זיך צום ערשטען בעסטען בירגער. ער וועט זיך אויף קײַן אויגענבליק נישט פֿערטראַכטען און ווי אַ צווייטער אלעקסאַנדער מקדון, וועט ער איבערהאַקען דעם מעטאַפֿיזישען קניפּ מיט זײַן אײַנמאָל־אײַנס: האָט מיר די אויסאַר־בײַטונג פֿון דער סחורה געקאָסט 100 פֿראַנק און איך בעקום פֿאַר איהר אין אַ צײַט אַרום, 110 פֿראַנק, איז דאָס—וועט ער זאָגען—אַ גאַנץ געוועהנליכער, אָנשטענדיגער ריוח. בעקום איך אָבער 120, 130 פֿראַנק פֿאַר מײַן סחורה, בעקום איך אַ גרויסען ריוח;

בעקום איך גאָר 200 פראַנק — האָב איך אנ׳אויסערגעוועהנליכען ריוח. וואָס דיענט אַלזאָ דעם בירגער פאַר אַ מאָס פון ריוח? די פראָדוקציאָנס-קאָסטען פון זיין סחורה. בעקומט ער אין אויסטויש אויף די דאָזיגע סחורה אַ סומע פון אַנדערע סחורות, וואָס זייער אויסאַרבייטונג קאָסט וועניגער ווי זיין סחורה, האָט ער היזק. בעקומט ער אָבער פאַר זיין סחורה אַ סומע פון אַנדערע סחורות, וואָס זייער אויסאַרבייטונג קאָסט טייערער ווי זיין סחורה, בעקומט ער ריוח. דאָס שטייגען, אדער פאַלען פון דעם ריוח רעכענט ער נאָך דעם גראַד, ביי וועלכען דער טוישווערט פון זיין סחורה שטעהט אונטער אָדער איבער דעם נול — די פראָדוקציאָנס-קאָסטען.

מיר האָבען געזעהן, ווי דאָס געענדערטע פערהעלטניש פון נאָכפראַגע און אָנבאָט הויבט באַלד אויף, אָדער וואַרפט אַראָב די פרייזען, מאַכט די מקחים הויך, אָדער נידריג. שטייגט בעדייטענדיג דער פרייז פון אַ סחורה צוליעב דעם קנאַפען אָנבאָט, אָדער צוליעב אַ פערהעלטניסמעסיגען וואוקס פון דער נאָכפראַגע מוז לפי-ערך פאַלען דער פרייז פון עפּיס אַנ׳אַנדער סחורה; ווייל פרייז פון אַ סחורה דריקט נור אויס איז געלד דאָס פערהעלטניש אין וועלכען מען וועט פאַר איהר געבען אַ דריטע סחורה. הויבט זיך, למשל, דער פרייז פון אַנ׳איל זיידענס פון 5 אויף 6 פראַנק, פאַלט דער פרייז פון זילבער אין פערהעלטניש צו זייד, און אזוי פאַלט אויך אין פערהעלטניש צו זייד דער פרייז פון אַלע אַנדערע סחורות, וואָס זענען געבליבען שטעהן ביי זייער אַלטען מקח. פון די זעלבע סחורות מוז מען איצט געבען אַ גרעסערע סומע, כדי אין אויסטויש אויף זייד צו בעקומען דעם פריהערדיגען סכום זייד.

וואָס פאַר אַ פאָלגען קאָן האָבען דער געהעכערטער פרייז פון אַ סחורה? אַ מאַסע קאַפּיטאַלען וועלען זיך אַ וואָרף טהון צו דעם בליהענדיגען אינדוסטריע-צווייג, און די צוואַנדערונג פון קאַפּיטאַל אין דעם געהויבענעם אינדוסטריע-געביט וועט דויערען אזוי לאַנג, ביז דער אומגעוועהנליכער ריוח וועט אַראָבפאַלען,

אָדער נאָכמעהר, ביז דער מקח פון זייערע פּראָדוקטען וועט צו־ליעב דער איבערפּראָדוקציע אַראָבזונקען אונטער די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען.

להיפך. פאלט דער פּרייז פון אַ סחורה אונטער די פּראָ־דוקציאָנס־קאָסטען, וועלען די קאַפּיטאַלען זיך צוריקציהען פון דער פּראָדוקציע פון דער דאָזיגער סחורה. ווערט אַנ'אינדוסטריע־צווייג אויס מאָדע, מוז ער אַלזאָ אונטערגעהן, וועט זיך די פּראָדוקציע פון דער סחורה, ד. ה. דער אָנבאָט אַזוי ווייט פערקלענערען, ביז זי וועט ענטשפּרעכען דער נאָכפראַגע. דער פּרייז פון דער סחורה וועט זיך אַלזאָ ווידער אויפהויבען צו דער הויך פון די פּראָדוקציאָנס - קאָסטען, אָדער נאָכמעהר, ביז דער אָנבאָט וועט אַרונטערפאַלען אונטער דער נאָכפראַגע, ד. ה. ביז דער פּרייז וועט ווידער אַריבערשטייגען איהרע פּראָדוקציאָנס־קאָסטען. וואָרום דער געוועהנליכער מקח פון אַ סחורה שטעהט תמיד איבער אָדער אונטער די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען.

מיר זעהען, ווי די קאַפּיטאַלען וואַנדערן תמיד איבער פון איין אינדוסטריע־געביט אין אַנדערן. הויכע מקחים רופען אַרויס אַ שטאַרקע איינוואַנדערונג און נידריגע אַ שטאַרקע אויסוואַנדערונג.

פון אַנ'אַנדער שטאַנדפּונקט וואָלטען מיר אויך געקאָנט בעווייזען, אַז נישט נאָר דער אָנבאָט, נאָר אויך די נאָכפראַגע ווערט רעגולירט דורך די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען. ס'וואָלט אונז אָבער פערפיהרט צו ווייט.

מיר האָבען געזעהן, ווי די וואַקלונגען פון אָנבאָט און דער נאָכפראַגע ברענגט תמיד דעם פּרייז פון אַ סחורה צוריק צו די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען. הגם דער ווירקליכער פּרייז פון אַ סחורה שטעהט תמיד איבער אָדער אונטער די פּראָדוקציאָנס - קאָסטען; אָבער דאָס שטייגען און פאַלען גלייכען זיך אין לעצטען ס"ה אויס, אַזוי, אַז אין אַ געוויסען משך פון שטייגען און פאַלען פון דער אינ־דוסטריע, ווערען די סחורות בכלל אויסגעטוישט אין הסכם מיט

די פּראָדוקציאָנס-קאָסטען, זייער מקח ווערט אַלזאָ דורך די פּראָדוקציאָנס-קאָסטען רעגולירט.

די דאָזיגע פּרייז-רעגולירונג דורך די פּראָדוקציאָנס-קאָסטען דאַרף מען זיך נישט פֿאָרשטעלען אַזוי, ווי די עקאָנאָמיסטען שטעלען די זאַך פֿאָר. די עקאָנאָמיסטען זאָגען, אַז דער דורכשניטליכער פּרייז פֿון אַ סחורה איז גלייך צו די פּראָדוקציאָנס-קאָסטען. דאָס איז א געזעץ. די אַנאַרכישע בעוועגונג, וואָס גלייכט אויס די געהויבענע פּרייזען דורך פֿאַלען, און די אַראָבגעפֿאַלענע פּרייזען דורך שטייגען, האַלטען זיי פֿאַר אַ בלויזע צופֿעליגקייט. מיט דעם זעלבען רעכט קאָן מען אָבער אויך אָנעהמען, ווי אַנדערע עקאָנאָמיסטען האָבען טאַקי געטהון, די ענדערונגען אין די פּרייזען פֿאַר אַ געזעץ, און דאָס רעגולירען די פּרייזען דורך די פּראָדוקציאָנס-קאָסטען פֿאַר אַ צופֿעליגקייט. אָבער נאָר די דאָזיגע וואַקלונגען, וואָס גענויער בעטראַכט, ברענגען זיי מיט זיך די מורא׳דיגסטע חורבונות, און צעטרייסלען ווי אַן ערדציטערניש די בורזשואַזע געזעלשאַפֿט און איהרע יסודות, נור די דאָזיגע וואַקלונגען רעגולירען בערך זייער פֿאָרקומען, די פּרייזען דורך די פּראָדוקציאָנס-קאָסטען. דער אַלגעמיינער גאַנג פֿון דער דאָזיגער נישט געאָרדנעטער בעוועגונג, איז איהר אָרדנונג. אין דער דאָזיגער אינדוסטריעלער אַנאַרכיע, אין דער דאָזיגער קרייז-בעוועגונג גלייכט די קאָנקורענץ אויס איין אויסערגעוועהנליכקייט מיט דער צווייטער.

מיר זעהען אַלזאָ: דער מקח פֿון אַ סחורה ווערט רעגולירט דורך איהרע פּראָדוקציאָנס-קאָסטען אויף אַזאַ אופֿן, אַז די צייטען, ווען דער פּרייז פֿון דער סחורה שטייגט איבער די פּראָדוקציאָנס-קאָסטען, ווערען אויסגעגלייכט דורך די צייטען, ווען ער זינקט אַראָב נידריגער ווי די פּראָדוקציאָנס-קאָסטען און פֿערקעהרט. דאָס גילט אָבער נישט פֿאַר אַן איינצעלנעם פֿאַבריקאַנט, נאָר פֿאַר׳ן גאַנצען קלאַס קאַפּיטאַליסטען.

די רעגולירונג פֿון פּרייז דורך די פּראָדוקציאָנס-קאָסטען איז גלייך צו דער רעגולירונג פֿון פּרייז דורך דער אַרבייטסצייט,

וואָס פּאָדערט זיך אויסצואַרבייטען אַ סחורה, ווייל די פּראָדוק־ציאָנס־קאָסטען בעשטעהען, 1־טענס, פון רויהשטאָפען און אָבנוי־צונג פון אינסטרומענטען, ד. ה. פון אינדוסטריע־פּראָדוקטען, וואָס זייער אויסאַרבייטונג האָט געקאָסט אַ געוויסע סומע פון אַרבייטס־טעג און, 2־טענס, פון אונמיטעלבאַרע אַרבייט, וואָס איהר מאָס אין די צייט.

די זעלבע אלגעמיינע געזעצען, וואָס רעגולירען בכלל דעם מקח פון אַ סחורה, רעגולירען נאַטירליך אויך דעם אַרבייטס־לוין, דעם פּרייז פון דער אַרבייט. דער לוין פון דער אַרבייט וועט שטייגען, און פאַלען לויט דער בעציהונג פון דער נאָכפראַגע און אָנבאָט; לויט דער קאָנקורענץ צווישען די קונים פון אַרבייטסקראַפט, די קאַפּיטאַליסטען און די פערקויפער די אַרבייטסקראַפט, די אַרבייטער. די וואַקלונגען אין דעם סחורה־פּרייז בכלל ענטשפּרעכען די וואַקלונגען פון אַרבייטסלוין. אין די דאָזיגע וואַקלונגען אָבער ווערט דער פּרייז פון אַרבייט בעשטימט דורך די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען, דורך דער אַרבייטסצייט, וואָס איז נויטיג אויסצואַרבייטען די סחורה, די אַרבייטסקראַפט.

וואָס זענען אָבער די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען פון דער אַר־בייטסקראַפט אַליין? דאָס זענען די הוצאות, וואָס זע־נען נויטיג דעם אַרבייטער די מלאכה אויסצו־לערנען, און איהם אלס אַרבייטער צו דערהאַלטען.

וואָס וועניגער לערנצייט אַנ'אַרבייט פאָדערט, אַלץ וועניגער וענען די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען פון אַרבייטער, אַלץ נידריגער איז דער מקח פון זיין אַרבייט, זיין אַרבייטסלוין. אין די אינ־דוסטריע־צווייגען, וואָס פאָדערן כמעט נישט קיין פאַך־בילדונג איז גענוג בלויז די פיזישע קראַפט פון אַרבייטער, בעשטעהען די פּראָ־דוקציאָנס־קאָסטען כמעט בלויז פון יענע סחורות, וואָס זענען נויטיג כדי איהם צו דערהאַלטען ביי זיין אַרבייטספעהיגען לעבען. דער פּרייז פון זיין אַרבייט ווערט דעריבער בע־

שטימט דורך דעם פרייז פון די נויטווענדיגע פאר איהם לעבענסמיטלען.

נאך איין זאך מוז געגומען ווערען אין אכט. דער פאבריקאנט, וואס בערעכענט דעם פרייז פון די פראדוקטען, לויט די פראדוקציאנס-קאסטען, פערעכענט דערביי אויך די אבנוצונג פון זיינע ארבייטס-אינסטרומענטען. קאסט א מאשין, למשל, 1000 פראנק און נוצט זיך די מאשין אויס אין משך פון 10 יאהר, רעכענט דער פאבריקאנט ארויף 100 פראנק א יאהר אויף דעם פרייז פון דער סחורה, כדי צו קענען אין 10 יאהר ארום פערבייטען די אויסגענוצטע מאשין אויף א נייע. אין די פראדוקציאנס-קאסטען פון דער פשוט'ער ארבייטסקראפט מוזען אויך זעלבען אופן אריינגערעכענט ווערען די הוצאות אויפצוהאלטען א נייעם דור, וואס גיט דעם ארבייטער-קלאס די מעגליכקייט זיך צו פערמעהרען און צו פערבייטען די אבגענוצטע ארבייטער מיט נייע. די אבנוצונג פון ארבייטער געהט אלזא אויף דעם זעלבען אופן אריין אין חשבון, ווי די אבנוצונג פון דער מאשין.

די פראדוקציאנס-קאסטען פון דער פשוט'ער ארבייטסקראפט זענען אלזא בלויז די קאסטען פון דער עקזיסטענץ פון דעם ארבייטער און די אויפהאלטונג פון דעם ארבייטערס דור. דער פרייז פון זיין עקזיסטענץ און פון דער אויפהאלטונג פון זיין דור בילדעט דעם ארבייטסלוין. אזא ארבייטסלוין הייסט דאס מינימום פון ארבייטסלוין.

דאס דאזיגע מינימום פון ארבייטסלוין, ווי בכלל די פרייז-רעגולירונג פון סחורה דורך פראדוקציאנס-קאסטען, גילט נישט פאר יחידים, נור פאר'ן גאנצען כלל: איינצעלנע ארבייטער, מיליאנען ארבייטער, בעקומען נישט גענוג אויף זייער עקזיסטענץ און פערמעהרונג, אבער דער ארבייטסלוין פון גאנצען ארבייטער-קלאס, גלייכט זיך נאך אלע זיינע וואקלונגען אויס מיט דעם מינימום.

האבען מיר זיך שוין פערשטענדיגט מכח די אלגעמיינע געזעצען, וואס רעגולירען דעם פרייז פון דעם ארבייטסלוין, ווי

בכלל פון יעדער אַנדערער סח׳רה, קענען מיר שוין צוטרעטען געגויער צו בעהאַנדלען אונזער ענין.

דער קאַפּיטאַל בעשטעהט פון רויהשטאָפען, אַרבייטסאינסטרו-מענטען, און אַלערליי לעבענסמיטלען, וואָס ווערען פערנוצט, כדי אויסצואַרבייטען נייע רויהשטאָפען, אַרבייטסאינסטרומענטען און לעבענסמיטלען. די דאָזיגע אַלע זיינע חלקים זענען שאַפונגען פון אַרבייט, פּראָדוקטען פון אַרבייט, אָנגעקליבענע אַרבייט. אָנגעקלי-בענע אַרבייט, וואָס דינט אַלס מיטעל צו פּראָדוצירען פון דאָס ניי, איז קאַפּיטאַל.

אַזוי זאָגען די עקאָנאָמיסטען.

וואָס איז אַ נעגער-שקלאַף? אַ מענש פון דער שוואַרצער ראַסע. איין ערקלערונג איז ווערט די אַנדערע.

אַ נעגער איז אַ נעגער. אַ שקלאַף ווערט ער ערשט אין בעשטימטע בעדינגונגען. אַ בוימוואָל-שפּינ-מאַשין איז אַ מאַשין צו שפּינען בוימוואָל. נור אין בעשטימטע בעדינגען ווערט זי ק אַ פּ י ט אַ ל. אַרויסגענומען פון די דאָזיגע בעדינגונגען איז זי אַזוי ווענינ קאַפּיטאַל, ווי גאָלד איז פאַר זיך אַליין ג ע ל ד, אָדער ווי דער צוקער איז דער פּרייז פון צוקער.

אין דער פּראָדוקציע ווירקען די מענשען נישט נאָר אויף די נאַטור, נאָר אויך איינע אויף די אַנדערע. זיי פּראָדוצירען נור, ווירקענדיג צוזאַמען אויף אַ בעשטימטען אופן, און אויס-טוישענדיג זייער טעטיגקייט איינער מיט׳ן אַנדערען: כדי צו פּראָ-דוצירען, טרעטען זיי אַריין איינער מיט׳ן צווייטען אין בעשטימטע בעציהונגען און פערהעלטנישען, און נור אין די דאָזיגע געזעל-שאַפטליכע בעציהונגען און פערהעלטנישען קומט פאַר זייער ווירקען אויף די נאַטור, קומט פאַר די פּראָדוקציע. די געזעלשאַפטליכע פערהעלטנישען, אין וועלכע די פּראָדוצענטען טרעטען אַריין צווי-שען זיך; די פערהעלטנישען אין וועלכע זיי טוישען אויס זייער טעטיגקייט און נעהמען בכלל אָנטייל אין גאַנצען פּראָדוקציאָנס-אַקט, זענען פערשידען, לויט דעם פערשידענעם כאַראַקטער פון די פּראָדוקציאָנס-מיטלען. מיט דער ערפינדונג פון נייע קריגס-

געצייג, פון פייער־געוועהר, ענדערט זיך נויטווענדיג די גאנצע אינערליכע ארגאניזאציע פון דער ארמעע; ענדערן זיך די פערהעלטנישען צווישען די יחידים, וואס בילדען די ארמעע; ענדערט זיך אויך דאס פערהעלטניש פון פערשידענע ארמעען איינע צו דער אנדערער.

די געזעלשאפטליכע פערהעלטנישען, אין וועלכע די יחידים פראדוצירען, די געזעלשאפטליכע פראדוקציאנס־פערהעלטנישען ענדערען זיך, אלזא, מיט דער פערענדערונג און ענטוויקלונג פון די מאטעריעלע פראדוקציאנס־מיטלען, פון די פראדוקציאנס־קרעפטען. די פראדוקציאנס־פערהעלטנישען בילדען אין זייער ס"ה דאס, וואס מען רופט אן געזעלשאפטליכע פערהעלטנישען, געזעלשאפט, און דוקא א געזעלשאפט אויף א בעשטימטער מדרגה פון געשיכטליכער ענטוויקלונג, א געזעלשאפט מיט א פערשידענעם אייגענארטיגען כאראקטער. די געזעלשאפט פון אלטערטום, די פעאדאלע געזעלשאפט, די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט זענען אזעלכע סך־הכל'ען פון פראדוקציאנס־פערהעלטנישען, וואס יעדער פון זיי בעצייכענט א געוויסע ענטוויקלונגס־מדרגה אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט.

אויך דער קאפיטאל איז א געזעלשאפטליך פראדוקציאנס־פערהעלטניש. עס איז א קאפיטאליסטיש פראדוקציאנס־פערהעלטניש אין דער בירגערליכער געזעלשאפט. די לעבענסמיטלען, די ארבייטס־אינסטרומענטען, די רויה־שטאפען, פון וועלכע דער קאפיטאל בעשטעהט — זענען זיי דען נישט הויסגעארבייט און אנגעזאמעלט אין געוויסע געזעלשאפטליכע בעדינגונגען, אין בעשטימטע געזעלשאפטליכע פערהעלטנישען? ווערען זיי נישט בענוצט צו פראדוצירען פון דאס ניי אין געוויסע געזעלשאפטליכע בעדינגונגען, ביי בעשטימטע געזעלשאפטליכע פערהעלטנישען? און צי מאכט נישט טאקי דער דאזיגער בעשטימטער

געזעלשאפטליכער כאראקטער די פראָדוקטען, וואָס דינגען פֿון דאָס ניי צו פראָדוצירען פֿאַר קאַפּיטאל?

דער קאַפּיטאַל בעשטעהט נישט נור פֿון לעבענס־מיטלען, ארבייטס אינסטרומענטען און רויהשטאָפען, נישט נור פֿון מאַטע־ריעלע פראָדוקטען; עס בעשטעהט אויך פֿון טוישווערטען. אַלע פראָדוקטען, פֿון וועלכע דער קאַפּיטאַל בעשטעהט זענען סחורות. דער קאַפּיטאַל איז אַלזאָ נישט נור אַ סומע פֿון מאַטעריעלע פראָדוקטען; עס איז אַ סומע פֿון סחורות, פֿון טויש־ווערטען, פֿון געזעלשאַפטליכע גרויסען.

בלייבט דער טוישווערט, דער מקח פֿון קאַפּיטאַל, דער־זעלבער, מעגען מיר נעהמען אָנשטאָט וואָל — בוימוואָל; אָנשטאָט תּבואה — רייז; אָנשטאָט אייזענבאַהנען — דאַמפשיפען א. ז. וו. דער קערפער פֿון קאַפּיטאַל קען כסדר מגלגל ווערען און דער קאַפּיטאל גופא הערט נישט אויף צו זיין קאַפּיטאַל. אויב אָבער יעדער קאַפּיטאַל איז אַ סומע פֿון סחורות, פֿון טוישווערטען, איז נאָך אָבער נישט יעדע סומע פֿון סחורות, פֿון טוישווערטען, קאַפּיטאַל.

יעדע סומע פֿון טוישווערטען איז אַ טוישווערט. יעדער איינצעלנער טוישווערט איז אַ סומע פֿון טוישווערטען. אַ הויז, למשל, וואָס איז ווערט 1000 פראַנק, איז אַ טוישווערט פֿון 1000 פראַנק. אַ שטיק פּאַפּיר, וואָס איז ווערט אַ סענטים, איז אַ סומע פֿון טוישווערטען פֿון $^{100}/_{100}$ סענטים. פראָדוקטען, וואָס קענען אויסגעטוישט ווערען אויף אַנדערע, זענען סחורות. דער בעשטימטער צוזאַמענהאנג, אין וועלכען זיי ווערען אויסגעטוישט, בילדעט זייער טוישווערט, אָדער אין געלד אויסגעדריקט, זייער פּרייז. די מאַסע פֿון די דאָ־זיגע פראָדוקטען קאָן גאָר נישט ענדערען אין זייער גורל צו זיין אַ סחורה, אַ טוישווערט, אָדער צו האָבען אַ בעשטימטען פּרייז. מעג דער בוים זיין גרויס, אָדער קליין, בלייבט ער דאָך אַ בוים. ווען אייזען ווערט אויסגעטוישט אויף לויטען, אָדער פודען פֿון אַנדערע פראָדוקטען, ענדערט זיך דערפֿון זיין כאַראַקטער: אַ סחורה, אַ טוישווערט צו זיין? לויט דער גרויס פֿון דער מאַסע האָט נור

אַ סחורה מעהר אָדער ווענינגער ווערט, אַ העכערען אָדער אַ נידריגען פּרייז.

ווי אַזוי ווערט אָבער פערוואַנדעלט אַ סומע פון סחורות, פון טוישווערטען אין קאַפּיטאַל?

דורך דעם, וואָס זיי דערהאַלטען זיך, פערמעהרען זיך און ווערען אויסגעטוישט אויף אונמיטעלבאַרע, לעבעדיגע אַרבייטסקראַפט, ווי אַ זעלבסטשטענדיגער געזעלשאַפטליכער כח, ד. ה. ווי דער כח פון אַ טייל פון דער געזעלשאַפט. די עקזיסטענץ פון אַ קלאַס, וואָס זאָל גאָר נישט פערמאָגען, אַחוץ זיין אַרבייטספעהיגקייט, איז די נויטיגסטע פאָרבעדינגונג פון קאַפּיטאַל.

די הערשאַפט פון דער אָנגעזאַמעלטער, פריהערדיגער, פערקערפּערטער אַרבייט איבער דער לעבעדיגער אַרבייט, מאַכט ערשט די אָנגעזאַמעלטע אַרבייט פאַר קאַפּיטאַל. דער קאַפּיטאַל בעשטעהט נישט אין דעם, וואָס אָנגעזאַמעלטע אַרבייט דינט דער לעבעדיגער אַרבייט פאַר אַ מיטעל צו פּראָדוצירען פון דאָס ניי. עס בעשטעהט אין דעם, וואָס די לעבעדיגע אַרבייט דינט דער אָנגעזאַמעלטער אַרבייט פאַר אַ מיטעל צו דערהאַלטען און פערמעהרען איהר טוישווערט.

וואָס געשעהט אָבער ביי דעם אויסטויש, וואָס קומט פאָר צווישען קאַפּיטאַליסט און אַרבייטער?

דער אַרבייטער בעקומט פאַר זיין אַרבייטסקראַפט לעבענסמיטלען, אָדער דער קאַפּיטאַליסט בעקומט פאַר זיינע לעבענסמיטלען אַרבייט, די פּראָדוקטיווע טעטיגקייט פון אַרבייטער, די שעפּפערישע קראַפט, אין וועלכער דער אַרבייטער גיט אָב נישט נור די אַרבייט, וואָס ער האָט פערברויכט, נור ער פערגרעסערט דעם ווערט פון דער אָנגעזאַמעלטער אַרבייט. דער אַרבייטער בעקומט אַ טייל גרייטע לעבענסמיטלען פון קאַפּיטאַליסט. צו וואָס דאַרף ער די לעבענסמיטלען? צום אונמיטעלבאַרען געברויך. פערברויך איך אָבער לעבענסמיטלען, געהען זיי אינגאַנצען לאבוד אויב איך נוץ נישט אויס דעם משך צייט, וואָס זיי האַלטען מיך אויף,

צום פּראָדוציִרען נייַע לעבענס מיִטלען; צו שאַפען מיִט מייַן צַר־בייִט נייַע ווערטען אָנשטאָט די, וואָס איִך האָב פערבּרויכט. אָבער טאַקי די דאָזיִגע איידעלע פּראָדוקטיִווע קראַפט טרעט דער אַרבייטער אָב צום קאַפּיִטאל פאַר די בעקומענע לעבענסמיִטלען. פאַר זיִך אַליין האָט ער זיי דעריִבער פערלוירען.

נעהמען מיִר אַ ביישפּיִעל: אַ פערמער צאָהלט זייַן טאָג־אַרבייטער 50 סענטיִם אַ טאָג. פאַר די 50 סענטיִם בעאַרבייט דער טאָג־אַרבייטער דעם פערמער׳ס פעלד און ברענגט איִהם איין 1 פראַנק הכנסה. דער פערמער בעקומט צוריִק ניִשט נור די ווערטען, וואָס ער האָט בעצאָהלט דעם טאָג־אַרבייטער, ער בעקומט זיי דאָפּעלט. די 50 סענטיִם, וואָס ער האָט בעצאָהלט דעם טאָג־אַרבייטער, האָט ער, הייסט עס, פערבּרויכט אויף אַ פרוכטבּאַרען, פּראָדוקטיִווען אופן. פאַר די 50 סענטיִם האָט ער געקויפט די אַרבייט און קראַפט פון טאָג־אַרבייטער, וואָס אַרבייט אויס ערד־פּראָדוקטען פון דאָפּעלטען ווערט, און מאַכט פון 50 סענטיִם 1 פראַנק. דער טאָג־אַרבייטער, להיפך, בעקומט 50 סענטיִם אָנשטאָט דער פּראָדוקטיִווער קראַפט, וואָס איִהר טעטיגקייט האָט ער אָבּגעטרעטען דעם פערמער און טוישט זי אויס אויף לעבענסמיִטלען, וועלכע ער קען פערבּרויכען גיִכער אָדער לאַנגזאַמער. די 50 סענטיִם זענען אַלזאָ פערבּרויכט געוואָרען אויף אַ דאָפּעלטען אופן: רעפּראָ־דוקטיִוו פאַר׳ן קאַפּיִטאַל, וואָס האָט זיי אויסגעטוישט אויף אַנ׳־אַרבייטסקראַפט, וועלכע ברענגט איין (1) פראַנק; און־פּראָדוקטיִוו פאַר׳ן אַרבייטער, וואָס האָט זיי אויסגעטוישט אויף לעבענסמיִטלען, וועלכע געהען איִנגאַנצען לאבוד, און וואָס זייער ווערט קען ער צוריִק בעקומען, נור איִבער׳חזר׳ענדיג מיִט׳ן פערמער דעם זעלבען אויסטויש. דער קאַפּיִטאַל איִז אַלזאָ אָבּהענגיִג פון לוינאַרבייט, די לוינאַרבייט — פון קאַפּיִטאל. זיי זענען אָבּהענגיִג איינער פון צוויי־טען, זיי בעשאַפען איינער דעם צווייטען.

אַנ׳אַרבייטער אין אַ בוימוואָל־פאַבריִק, — פּראָדוציִרט ער נור בוימוואָל־שטאָף? ניין, ער פּראָדוציִרט קאַפּיִטאַל. ער פּראָ־

ד׳הציִרט ווערטען, וואָס העלפען בענוצען זיין אַרבייִט, כדי דורך איהר נייע ווערטען צו שאַפען.

דער קאַפּיטאַל קען זיך פערמעהרען נור אין אויסטויש אויף אַרבייטסקראַפט, נור אַרויסרופענדיג צום לעבען לוינאַרבייִט. די לוינאַרבייִט קען זיך אויסטוישען פאַר קאַפּיטאַל, נור פערמעהרענ־דיג דער קאַפּיטאַל, נור פערשטאַרקענדיג די קראַפט, וואָס פער־שקלאַפט איהר. די פערמעהרונג פון קאַפּיטאל איז דע־ריבער די פערמעהרונג פון פראָלעטאַריאַט, ד. ה., פון אַרבייטער־קלאַס.

די אינטערעסען פון קאַפּיטאַליסט און פון אַרבייטער זענען דעריבער די זעלבע, טענה׳ט די בורזשואַזיע און איהרע עקאָנאָמיסטען. באמת! דער אַרבייטער געהט־אונטער, אויב דער קאַפּיטאַל גיט איהם נישט קיין בעשעפטיגונג. דער קאַפּיטאַל געהט אָבער אויך צו גרונד, נישט אויסנוצענדיג קיין אַרבייטס־קראַפט; כדי אָבער די אַרבייטס־קראַפט אויסצינוצען, מוז ער זי קויפען. וואָס גיכער ס׳פערמעהרט זיך דער קאַפּיטאַל, וואָס איז בעשטימט פאַר דער פראָדוקציע, דער פראָדוקטיווער קאַפּיטאַל, וואָס בליהענדער ס׳ווערט די אינדוסטריע, וואָס רייכער ס׳ווערט די בורזשואַזיע, וואָס בעסער ס׳געהט דאָס געשעפט, אַלץ מעהר אַרבייטער דאַרף דער קאַפּיטאַליסט, אַלץ טייערער פערקויפט זיך דער אַרבייטער.

די נויטיגע בעדינגונג פאַר אַן ערטרעגליך אַרבייטער־לעבען איז אַלזאָ דאָס מעגליכסט גיכע וואַקסען פון פראָ־דוקטיווען קאַפּיטאַל.

וואָס איז אָבער דאָס וואַקסען פון פראָדוקטיווען קאַפּיטאַל? די וואַקסענדיגע מאַכט פון אָנגעזאַמעלטער אַרבייט איבער דער לעבעדיגער אַרבייט. דער וואוקס פון דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע איבער דעם אַרבייטער־קלאַס. פראָדוציִרט די לוינאַרבייט דאָס פרעמדע רייכטום, וואָס בעהערשט איהר, דעם פיינדליכען כח, דאָס קאַפּיטאַל,—פליסען צו איהר צוריק לעבענס־מיטלען פון דעם לעצטען, מיט׳ן תנאי, זי זאָל פון דאָס ניי ווע־

רעֶן אַ טײל פון קאַפּיטאַל, אַ מין הויב־שטאַנג, וואָס שלײדערט תמיד אַרײן פון דאָס נײַ דאָסזעלבע אין די וואָס אַמאָל שנעלערע בעוועגונג פון דעם אָנוואַקסענדען קאַפּיטאַל.

די אינטערעסען פון דעם קאַפּיטאַל און די אינטערעסען פון די אַרבײטער זענען דיזעלבע, בעדײַט נור: קאַפּיטאַל און לוין־אַרבײַט זענען צוויי זײַטען פון איין און דאָסזעלבע פערהעלטניש. איינער איז אָבהענגיג פון צווייטען, פונקט ווי עס זענען געגענזײַטיג אָבהענגיג דער פּראָצענטניק און דער פערשווענדער.

כל־זמן דער לוין־אַרבײטער בלײבט לוין־אַרבײטער, הענגט זײַן גורל אָב פון קאַפּיטאַל. דאָס איז די כלומר'שטע געמיינזאַמקײַט פון אינטערעסען פון אַרבײטער און קאַפּיטאַליסט.

וואַקסט דער קאַפּיטאַל, וואַקסט די סומע פון לוינאַרבײט, וואַקסט די צאָהל לוינאַרבײטער, מיט איין וואָרט: די הערשאַפט פון קאַפּיטאַל פערשפרייט זיך אויף אַ גרעסערע מאַסע יחידים, און נעהמען מיר אָן דעם גינסטיגסטען פאַל: וואַקסט דער פּראָדוקטיווע קאַפּיטאַל, וואַקסט די נאָכפראַגע אויף אַרבײט. הויבט זיך אַלזאָ דער פּרײַז פון אַרבײט,—דער אַרבייטסלוין.

אַ הויז קאָן זיין גרויס, אָדער קליין, — כל־זמן די אַרומיגע הײַזער זענען קליינע, בעפרידיגט עס אַלע געזעלשאַפטליכע פאָדערונגען פון אַ דירה. דערהויבט זיך אָבער בײַ דעם קליינעם הויז אַ פּאַלאַץ, בעקומט דאָס הויז אַ פּנים פון אַ קליין הײַזעל. דאָס קליינע הויז בעווײַזט נור, אַז דער הויזווירט האָט נישט קיין גרויסע פאָדערונגען; און כל־זמן בשכנות שטעהט אַ פּאַלאַץ, מעג זיך דאָס הויז אין פערלויף פון דער ציווילזאַציע דערהויבען ווי הויך, די אײַנוואוינער פון דעם הויז פיהלען זיך דאָך אונבעקוועם, אונבעפרידיגט און געדריקט אין זײַנע פיער ווענד.

אנ'אָנגעזעהענע פערגרעסערונג פון אַרבײטסלוין פאָדערט אַ שנעלערען וואוקס פון פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל. דאָס שנעלע וואַקסען פון פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל רופט אויף אַ גרויס אַזאַ שנעלען

יואוקס פון רייכטום, לוקסוס, געזעלשאפטליכע בעדערפנישען און געזעלשאפטליכע תענוגים. הגם די פערגניגענס פון ארבייטער זע־נען געשטיגען, אבער די געזעלשאפטליכע בעפרידיגונג, וואס זיי געבען, איז געפאלען אין פערגלייך מיט די פאר׳ן ארבייטער אונ־צוטריטליכע, פערמעהרטע תענוגים פון קאפיטאליסט; אין פערגלייך מיט דער ענטוויקלונגס־מדרגה פון דער געזעלשאפט בכלל. אונ־זערע בעדערפנישען און תענוגים שטאמען פון דער געזעלשאפט; מיר נעהמען די בעפרידיגונג נישט אלס אזעלכע. ווייל זייער נא־טור איז א געזעלשאפטליכע, האבען זיי א רעלאטיווע פערהעלט־ניסמעסיגע נאטור.

דער ארבייטסלוין ווערט בכלל בעשטימט נישט נור דורך דער צאהל סחורות, וואס איך קאן פאר איהם אויסטוישען. ער ענטהאלט פערשידענע בעציהונגען.

די ארבייטער ערהאלטען לסוף פאר זייער ארבייטס־קראפט א בעשטימטע סומע געלד. ווערט דער ארבייטסלוין בעשטימט נור דורך דעם דאזיגען געלדפרייז?

א דאנק דער ענטדעקונג פון רייכערע און לייכטערע צו בעארבייטען גאלד־גרובען פון אמעריקא, פערמעהרט זיך אין 16־טען יאהרהונדערט אין איירָאפא דאס צירקולירענדע גאלד און זילבער. דער ווערט פון גאלד און זילבער פאלט דעריבער אין פערגלייך צו די איבריגע סחורות. די ארבייטער אבער בעקומען כסדר פאר זייער ארבייטס־קראפט דעמזעלבען סכום זילבער אין מטבעות. דער געלדפרייז פון זייער סחורה האט זיך נישט געעבי־טען, און דאך איז דער ארבייטס־פרייז געפאלען, ווייל פאר דעם זעלבען סכום זילבער, בעקומען זיי א קלענערע סומע אנדערע סחורות. דאס איז געווען איינע פון די סבות, וואס האבען מיט־געהאָלפען רעם וואוקס פון קאפיטאל אין דאס אויפקומען פון א בורזשואזיע אין 16־טען יאהרהונדערט.

נעהמען מיר אן׳אנדער פאל. אין ווינטער פון 1847־טען יאהר זענען צוליעב אן׳אונגערעטענישע בעדייטענד געשטיגען די פרייזען פון די נויטיגסטע לעבענסמיטלען, תבואות, פלייש, פוטער,

קעֶז א. ז. וו. נעֶהמעֶן מיִר אָן : דיִ אַרבּיַיטעֶר בּעֶקוּמעֶן כּסדר דיִ זעֶלבּעֶ סומעֶ געֶלד פאַר זיַיעֶר אַרבּיַיטסקראַפט. פאַלט ניִשט דעֶר־מיִט זיַיעֶר אַרבּיַיטסלוין? בּלי־ספק. פאַר דיִ זעֶלבּעֶ געֶלד עֶרהאַל־טעֶן זיֵי וועניִגעֶר בּרויט, פלייִש א. ז. וו. זיַיעֶר אַרבּיַיטסלוין איִז געֶפאַלעֶן, ניִשט וויַיל דעֶר ווערט פוּן זיִלבּעֶר האָט זיִך פעֶר־קלעֶנעֶרט; נור וויַיל פעֶרגרעֶסעֶרט האָט זיִך דעֶר ווערט פוּן לעֶבּעֶנסמיִטלעֶן *).

אָדעֶר, למשל: אַדאַנק דעֶר אָנווענדונג פוּן ניַיעֶ מאַשיִנעֶן, אָדעֶר פוּן גיִנסטיִגעֶ קליִמאַטיִשעֶ בּעֶדיִנגונגעֶן, זעֶנעֶן אַלעֶ אַגריִ־קולטור־ און מאַנופאַקטור־סחורות בּיִליִגעֶר געֶוואָרעֶן, און דעֶר אַר־בּיַיטספרייז בּליַיבּט דעֶרזעֶלבּעֶר. פאַר דעֶם אייגעֶנעֶם געֶלד קעֶנעֶן דיִ אַרבּיַיטעֶר קויפעֶן אַלעֶרליֵי סחורות מעֶהר וויִ פריִהעֶר. דעֶר אַרבּיַיטסלוין איִז אַלזאָ געֶשטיִגעֶן, ווייל זיַין געֶלד־ווערט האָט זיִך ניִשט געֶענדעֶרט.

דעֶר געֶלדפּריַיז פאַר אַרבּיַיט, דעֶר נאָמיִנאַלעֶר אַרבּיַיטסלוין, פאַלט אַלזאָ ניִשט צוזאַמעֶן מיִט'ן רעֶאַלעֶן אַרבּייטסלוין, ד. ה. מיִט דעֶר סומעֶ סחורות, וואָס מעֶן גיִט וויִרקליִך איִן אויסטויש אויף אַרבּיַיטסלוין. רעֶדעֶן מיִר אַלזאָ פוּן שטיַיגעֶן, אָדעֶר פאַלעֶן פוּן אַרבּיַיטסלוין, דאַרפעֶן מיִר איִן זיִנעֶן האָבּעֶן ניִשט בּלויז דעֶם געֶלדפּריַיז פוּן אַרבּיַיט, ניִשט בּלויז דעֶם נאָמיִנאַלעֶן פּריַיז.

אָבּעֶר ניִשט דעֶר נאָמיִנאַלעֶר אַרבּייטסלוין, ד. ה. דיִ סומעֶ געֶלד, פאַר וועֶלכעֶר דעֶר אַרבּיַיטעֶר פעֶרקויפט זיִך צום קאַפּיִטאַליִסט; ניִשט דעֶר רעֶאַלעֶר אַרבּיַיטסלוין, ד. ה. דיִ סומעֶ סחורות, וואָס דעֶר אַרבּיַיטעֶר קאָן קויפעֶן פאַר דעֶם געֶלד, שעֶפּעֶן נאָך ניִשט אויס דיִ בּעֶציִהונגעֶן, וואָס עֶנטהאַלטעֶן זיִך איִן אַרבּיַיטסלוין.

*) זעהר בּולט איִלוסטריִרעֶן דאָס דאָזיִגעֶ פעֶרהעֶלטניִש דיִ עֶקאָנאָ־מיִשעֶ בּעֶציִהונגעֶן איִן דעֶר היַינטיִגעֶר וועלט־מלחמה (1818—1914) בּעת דיִ מקחים פוּן דיִ לעֶבּעֶנסמיִטלעֶן זעֶנעֶן משוּנה'דיִג געֶשטיִגעֶן, זעֶנעֶן דיִ געֶלד פּריַיזעֶן פוּן לוין־אַרבּיַיט געֶבּליִבּעֶן דיִזעֶלבּעֶ און אַפיִלו געֶפאַלעֶן. דעֶר טוישווערט פוּן אַרבּיַיטס־לוין האָט זיִך אַלזאָ זעהר פעֶרקלעֶנעֶרט. אז דיִ אַרבּיַיטעֶר זעֶנעֶן מאַסעֶנוויַיז אויסגעֶשטאָרבּעֶן פוּן דחקוּת. ש. י ג.

דער רעאַלער אַרבייטסלוין דריקט אויס דעם פּרייז פון דער אַרבייט אין פערגלייך צום פּרייז פון אַלע אַנדערע סחורות; דער רעלאַטיווער אַרבייטסלוין, פערקעהרט, דריקט אויס דעם אָנטייל פון דער אונמיטעלבאַרער אַרבייט און דעם ווערט, וועלכען זי האָט פון דאָס ניי בעשאַפען אין פערגלייך צו דעם אָנטייל, וואָס די אָנגעזאַמעלטע אַרבייט, דער קאַפּיטאַל, בעקומט אין דעם געשאַפענעם ווערט.

מיר האָבען אויבען געזאָגט: „דער אַרבייטסלוין איז נישט דעם אַרבייטערס חלק אין דער סחורה, וואָס ער האָט פּראָדוצירט. דער אַרבייטסלוין איז אַ טייל פון דער שוין פריהער-געוועזענער סחורה, מיט וועלכער דער קאַפּיטאַליסט האָט איינגעקויפט די נויטיגע סומע פּראָדוקטיווע אַרבייטסקראַפט". אָבער דעם דאָזיגען אַרבייטסלוין מוז דער קאַפּיטאַליסט ווידער אַרויסבעקומען פון דעם פּרייז, אויף וועלכען ער פערקויפט דעם פּראָדוקט, וואָס איז דורך דעם אַרבייטער געשאַפען; ער מוז איהם אַזוי אַרויסבעקומען, אַז איהם זאָל נאָך איבערבלייבען אַ געוויסער מותרות, אַ ריוח איבער זיינע אויסגעגעבענע פּראָדוקציאָנס-קאָסטען. דער מקח פון דער סחורה, וואָס דער אַרבייטער האָט געשאַפען, טיילט זיך פאַר'ן קאַפּיטאַליסט אין דריי טיילען: ערשטענס, דאָס וואָס ס'איז אויסגעגעבען געוואָרען אויף רויהשטאָפען און אָבנוצונג פון ווערקצייג, מאַשינען און אַנדערע אַרבייטס-מיטלען. צווייטענס, דאָס וואָס ס'איז אויסגעלעגט געוואָרען אויף אַרבייטס-לוין. דריטענס, די מותרות, דער ריוח פון קאַפּיטאַליסט. אַזוי ווי דער ערשטער טייל בויט נור אָב די פריהער-געוועזענע ווערטען, איז קלאָר, אַז אַרויסבעקומען דעם אַרבייטס-לוין און דעם ריוח קאָן דער קאַפּיטאַליסט אין אַלגעמיין נור פון די נייע ווערטען, וואָס דער אַרבייטער האָט מיט זיין אַרבייט געשאַפען און צוגעגעבען צו די רויהשטאָפען. אין דעם זינען קאָנען מיר פערשטעהען אַרבייטס-לוין און ריוח, וועלענדיג זיי אונמיטעלבאַר פערגלייכען, אַלס אָנטיילען אין דעם פּראָדוקט פון דעם אַרבייטער.

דער רעאַלער אַרבייטס-לוין קאָן בלייבען דער זעלבער, ער קאָן זיך אַפילו הויבען, דאָך זאָל דער רעלאַטיווער אַרבייטסלוין פאַלען. נעהמען מיר, למשל, אָן, אַז דער פּרייז פון אַלע לעבענסמיטלען איז געפאַלען אויף $^{2}/_{3}$, בעת דער טאָג-לוין איז געפאַלען נור אויף איין דריטעל ($^{1}/_{3}$), צ. ב. פון 3 פראַנק אויף 2 פר. הגם דער אַרבייטער קאָן פאַר די דאָזיגע 2 פראַנק קריגען אַ סך אַ גרעסערע סומע סחורה, ווי פריהער פאַר זיינע 3 פר., האָט זיך פון דעסטוועגען זיין פערדינסט פערקלענערט אין פערגלייך צום ריוח פון קאַפּיטאַליסט. דער ריוח פון קאַפּיטאַליסט (צ. ב. פון פאַבריקאַנט) האָט זיך פערגרעסערט אויף איין פראַנק, ד. ה. פאַר אַ קלענערע סומע טוישווערטען, וואָס ער בעצאָהלט דעם אַרבייטער, ווערט דער אַרבייטער איצט אויסאַרבייטען אַ פיעל גרעסערע סומע טוישווערטען ווי פריהער. דער חלק פון קאַפּיטאַל האָט זיך פערגרעסערט אין פערגלייך מיט'ן חלק פון אַרבייט. די פערטיילונג פון געזעלשאַפטליכען רייכטום צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט איז געוואָרען נאָך אונגלייכער. דער קאַפּיטאַליסט האָט מיט'ן זעלבען קאַפּיטאַל אַ שליטה אויף אַ גרעסערען סכום אַרבייט. געוואַקסען איז די שליטה פון קאַפּיטאַליסטישען קלאַס איבערן אַרבייטער-קלאַס, פערערגערט האָט זיך די געזעלשאַפטליכע לאַגע פון אַרבייטער, האָט זיך אַראָבגעלאָזט נאָך א'יף אַ מדרגה נידריגער אין פערגלייך צו דער לאַגע פון די קאַפּיטאַליסטען.

וואָס איז אָבער דאָס אַלגעמיינע געזעץ, וואָס רעגולירט דאָס פאַלען און שטייגען פון אַרבייטסלוין און פון ריוח אין זייערע געגענזייטיגע בעציהונגען? זיי שטעהען אין אַהיפּך'דיג פערהעלטניש. דער חלק פון קאַפּיטאַל, דער ריוח, שטייגט אין דערזעלבער מאָס, וואָס דער חלק פון אַרבייט, דער טאָג-לוין פאַלט, און להיפך. דער ריוח שטייגט אין דער מאָס, אין וועלכער דער אַרבייטסלוין פאַלט; ער פאַלט

אין דער מאָס, אין װעלכער דער אַרבײטסלױן שטײַגט.

מען װעט אפֿשר זאָגן: דער קאַפּיטאַליסט קען פֿערדינען אַדאַנק אַ גינסטיגען אױסטױש פֿון זײַנע פּראָדוקטען מיט אַנדערע קאַפּיטאַליסטען, אַדאַנק דעם שטײגען פֿון דער נאָכפֿראַגע אױף זײַן סחורה, צוליעב דעם ענטדעקען נײַע מערק אָדער צוליעב די פֿערגרעסערטע בעדערפֿנישען אין די אַלטע מערק א. ז. װ.; דער ריוח פֿון קאַפּיטאַליסט קען זיך פֿערגרעסערען, זאָגט מען, אַדאַנק זײַן איבערשפּעקולירען דריטע קאַפּיטאַליסטען, אָהן שום שײכות צום שטײַגען און פֿאַלען פֿון אַרבײטסלױן, פֿון טױשװערט פֿון דער אַרבײטסקראַפֿט; אָדער דער ריוח פֿון קאַפּיטאַליסט קאָן זיך העכערען דורך אױסבעסערען די אַרבײטס-אינסטרומענטען דורך אַ נײַעם אָנװענדען פֿון נאַטור-קרעפֿטען א. ז. װ. קודם-כּל מוז געזאָגט װערען: דער פּועל-יוצא בלײבט דער זעלבער, הגם געקומען צו איהם איז מען אױף אַ פֿערקעהרטען װעג. דער ריוח האָט זיך געהױבען נישט דערפֿאַר, װײַל דער אַרבײטסלױן איז געפֿאַלען; דער אַרבײטסלױן איז אָבער געפֿאַלען, װײַל דער ריוח האָט זיך געהױבען. דער קאַפּיטאַליסט האָט בעקומען פֿאַר די זעלבע סומע פֿרעמדער אַרבײט אַ גרעסערע סומע טױשװערטען, נישט צאָהלענדיג דערבײַ טײַערער פֿאַר אַרבײט, ד, ה. די אַרבײט װערט װעניגער בעצאָהלט אין פֿערגלײַך צום רײנעם ריוח, װאָס זי טראָגט אײַן דעם קאַפּיטאַליסט.

אַגב דערמאָהנען מיר, אַז נישט קוקענדיג אױף די װאַקלונגען אין די מקחים פֿון די סחורות, װערט דער דורכשניטס-פּרײַז פֿון יעדער סחורה, דאָס פֿערהעלטניש, אין װעלכען זי װערט אױסגעטױשט אױף אַנדערע, רעגולירט דורך די פּראָדוקציאָנס-קאָסטען. די הזיקות אין קאַפּיטאַליסטישען קלאַס גופֿא גלײַכען זיך אױף אַזאַ אופֿן נױטװענדיג אױס. די אױסבעסערונגען אין דער טעכניק, די נײַע אָנװענדונג פֿון נאַטור-קרעפֿטען אין דער פּראָדוקציע, מאַכען מעגליך אױסצואַרבײטען אין אַ געװיסער אַרבײטס-צײַט, מיט דער זעלבער סומע פֿון אַרבײט און קאַפּיטאַל, אַ גרע-

סערע מאַסע פּראָדוקטען, אָבער בשום אופן נישט קיין גרעסערע מאַסע פון טויזשוווערטען. קען איך דורך די אָנווענדונג פון דער שפּינמאַשין אויסאַרבייטען אין אַ שעה נאָך אַ מאָל אַזוי פיעל שפּינעכטס, ווי פאַר איהר ערפינדונג, — למשל, הונדערט פונט אַנשטאָט פּיפציג, בעקום איך אין אויסטויש פאַר די הונדערט פונט נישט מעהר סחורה, ווי פריהער פאַר די פּיפציג, ווייל די פּראָדוקציאָנס-קאָסטען זענען אויף דער העלפט געפאַלען, אָדער ווייל מיט די זעלבע קאָסטען קען איך אויסאַרבייטען דאָפּעלט.

לסוף, אין וואָס פאַר אַ פערהעלטניש דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס, די בורזשואַזיע, פון איין לאַנד, אָדער פון גאַנצען וועלט-מאַרק זאָל נישט צעטיילען צווישען זיך די ריינע הכנסה פון דער פּראָדוקציע, ווערט די אַלגעמיינע סומע פון דער ריינער הכנסה זיין כסדר בלויז די סומע, אויף וועלכער די אָנגעקליבענע אַרבייט, ד. ה. דער קאַפּיטאַל, ווערט אין סך-הכל פערמעהרט דורך די אונמיטעלבאַרע אַרבייט. די דאָזיגע אַלגעמיינע סומע וואַקסט אַלזאָ אין דעם פערהעלטניש, אין וועלכען די אַרבייט פערמעהרט דעם קאַפּיטאַל; אין דעם פערהעלטניש, אין וועלכען דער ריוח שטייגט געגען דעם אַרבייטסלוין.

זעהען מיר אַלזאָ, אז, אויב אפילו מיר זאָלען זיך האַלטען בלויז אין די גרענעצען פון די פערהעלטנישען צווישען קאַפּיטאַל און לוינאַרבייט, שטעהען אויך די אינטערעסען פון קאַפּיטאַל און די אינטערעסען פון לוינאַרבייט, שאַרף איינער געגען אַנדערן.

אַ גיכער וואוקס פון קאַפּיטאַל איז גלייך צו אַ גיכען וואוקס פון ריוח. דער ריוח קען נור דאַן וואַקסען, ווען דער פּרייז פון דער אַרבייט, ווען דער רעלאַטיווער אַרבייטסלוין פאַלט מיט דער זעלבער גיכקייט. דער רעלאַטיווער אַרבייטסלוין קען פאַלען, הגם דער רעאַלער אַרבייטסלוין, ווי אויך דער נאָמינעלער אַרבייטסלוין, שטייגט מיט'ן געלדווערט פון דער אַרבייט; אויב נור נישט אין דעם זעלבען פערהעלטניש ווי דער ריוח. שטייגט למשל, אין גוטע צייטען דער אַרבייטסלוין אויף 5 פּראָצ. און דער ריוח

אויף 30 פראָצ., האָט דער פֿערהעלטנ־סמעסיגער, דער רעלאַטיווער אַרבייטסלוין זיך נישט פֿערגרעסערט, נור פֿערקלענערט.

פֿערמעהרט זיך אַלזאָ דעם אַרבייטערס הכנסה מיט'ן גיכען וואוקס פֿון קאַפּיטאַל, פֿערמעהרט זיך גלייכצייטיג דער געזעלשאַפֿט־ליכער תהום, וואָס טיילט אָב דעם אַרבייטער פֿון קאַפּיטאַליסט, פֿערמעהרט זיך גלייכצייטיג די מאַכט פֿון קאַפּיטאַל איבער דער אַרבייט, דעם אַרבייטערס אָבהענגיגקייט פֿון קאַפּיטאַל.

דער אַרבייטער איז פֿעראינטערעסירט אין גיכען וואַקסען פֿון קאַפּיטאַל, דאָס הייסט נור: וואָס גיכער דער אַרבייטער פֿער־מעהרט דאָס פֿרעמדע רייכטום, אַלץ פֿעטערע ביינער פֿאַלען צו פֿאַר איהם, אַלץ מעהר אַרבייטער קענען זיין בעשעפֿטיגט, אַלץ גרעסער ווערט די מאַסע שקלאַפֿען, וואָס זענען אָבהענגיג פֿון קאַפּיטאַל.

מיר האָבען אַלזאָ געזעהן:

אפילו די גינסטיגסטע צייטען פֿאַר'ן אַרבייטער־קלאַס, דאָס מעגליכסט גיכסטע וואַקסען פֿון קאַפּיטאַל, וויפֿיעל דאָס זאָל נישט פֿערבעסערן דאָס מאַ־טעריעלע לעבען פֿון אַרבייטער, שאַפֿט דאָך נישט אָב דעם געגענזאַץ צווישען זיינע אינטערעסען און די אינטערעסען פֿון דער בורזשואַזיע, פֿון די קאַפּיטאַליסטען. ריוח און אַרבייטס־לוין בלייבען כסדר אין היפּוכ'דיגע פֿערהעלטנישען.

איז דער קאַפּיטאַל גיך אָנגעוואַקסען, מעג דער אַרבייטסלוין ווי שטייגען, נישט אין אַנ'ערך שנעלער שטייגט דער ריוח פֿון קאַפּיטאַל. דער מאַטעריעלער מצב פֿון אַרבייטער האָט זיך פֿער־בעסערט אָבער בלויז אויפֿ'ן חשבון פֿון זיין געזעלשאַפֿטליכער לאַגע. דער געזעלשאַפֿטליכער תהום, וואָס טיילט איהם אָב פֿון קאַפּיטאַליסט, האָט זיך פֿערברייטערט.

לסוף:

גינסטיגע בעדינגונגען פֿאַר דער לוינאַרבייט איז אַ מעגליכסט גיך וואַקסען פֿון קאַפּיטאַל, דאָס הייסט נור: וואָס מעהר דער אַרביי־טער פֿערמעהרט און פֿערגרעסערט די פֿיינדליכע מאַכט, די פֿרעמדע,

דאָס רײַכטום, וואָס הערשט איבער איהם; ווערט איהם ערלויבט ביי אַלץ גינסטיגערע בעדינגונגען פון דאָס נײַ צו אַרבייטען, אויף דער פערמעהרונג פון בורזשואַזען רײַכטום, צו אַרבייטען אויף דער פערגרעסערונג פון דער שליטה פון קאַפּיטאַל, מיט מעהר צופריעדענהײַט פאַר זיך אַליין צו שמידען די גאָלדענע קייטען, אויף וועלכע די בורזשואַזיע פיהרט איהם נאָך זיך נאָך.

דאָס וואַקסען פון פּראָדוקטיווען קאַפּיטאל און דאָס שטײַגען פון אַרבייטסלוין, זענען זיי באמת אַזוי שטאַרק צווישען זיך פערבונדען, ווי די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטען ווילען דאָס האָבען? מיר טאָרען זיי נישט גלויבען אויף'ן וואָרט. מיר טאָרען זיי אפילו נישט גלויבען, אַז וואָס דער קאַפּיטאַל איז פעטער, אַלץ בעסער שפּײַזט ער זײַן שקלאַף. די בורזשואַזיע איז צו אויפגעקלערט, זי רעכענט צו גוט, זי זאָל האלטען פון די פאָראורטיילען פון דעם פעאָדאַל, וואָס בערימט זיך מיט'ן גלאַנץ פון זײַן דינערשאַפט. די בעדינגונגען פון קיום פון דער בורזשואַזיע צווינגען איהר צו לעבען מיט חשבון.

לאָמיר גענויער נאָכפאָרשען:

ווי אַזוי ווירקט דאָס וואַקסען פון פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל אויף'ן אַרבייטסלוין?

וואַקסט דער פּראָדוקטיווער קאַפּיטאַל פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט בכלל, קומט פאַר אַ פיעל־זײַטיגערע אָנזאַמלונג פון אַרבייט. די קאַפּיטאַליסלען וואַקסען לויט דער צאָהל און לויט דער מאָס פון קאַפּיטאל. די פערמעהרונג פון די קאַפּיטאַליסטען, פערמעהרט זיך די קאָנקורענץ צווישען די קאַפּיטאַליסטען. די פערגרעסערונג פון די קאַפּיטאַלען העלפט אַרויספיהרען אויף'ן אינדוסטריעלען שלאַכטפעלד מעכטיגערע אַרבייטער־אַרמעען מיט ריזיגערען קריגס־געזעהר.

איין קאַפּיטאַליסט קען דעם צווייטען אַרויסשטופען פון קאַמפּס־פּלאַץ און בעהערשען זײַן קאַפּיטאַל נור פערקויפענדיג

בִּילִיגֶער. כדי בִּילִיגֶער צוּ פֶערקױפֶען און נִישט בדלות צוּ װערֶען, מוּז עֶר בִּילִיגֶער פּראָדוּצִירֶען, ד. ה. הֶעכֶערֶען װי װײַט מֶעגלִיך דעֶם פּראָדוּקציאָנס-כּח פוּן דעֶר אַרבּײַט. דעֶר פּראָדוּקציאָנס-כּח פוּן דעֶר אַרבּײַט װעֶרט אָבּעֶר גְעהֶעכֶערט קודם-כּל דוּרך אַ גרֶעסֶערֶע צוּטײַלוּנג פוּן דעֶר אַרבּײַט, דוּרך אַנ'אַלזײַטִיגֶער אײַנפִיהרוּנג און אַ כסדר'דִיגֶער פֶערבֶּעסֶערוּנג פוּן דִי מַאשִׁינֶען. װאָס גרֶעסֶער ס'אִיז דִי אַרבּײַטֶער-אַרמֶעֶע, צװִישֶׁען װעֶלכֶער דִי אַרבּײַט װעֶרט צוּטײַלט, װאָס רִיזֶענהאַפטֶער ס'אִיז דִי מדרגה פוּן אײַנגעֶפִיהרטֶע מאַשִׁינֶען, אַלץ בִּילִיגֶער װעֶרֶען פֶערהֶעלטנִיסמֶעסִיג דִי אַרבּײַטסקאָסטֶען, אַלץ פרוּכטבּאַרֶער װעֶרט דִי אַרבּײַט. עֶס עֶנטשטעֶהט דעֶרִיבּעֶר אַנ'אַלזײַטִיגעֶס געֶראַנגעֶל צװִישֶׁען דִי קאַפִּיטאַלִיסטֶען, כדי װאָס מעֶהר אױסצוּנוּצֶען דִי אַרבּײַטסצוּטײַלוּנג און דִי הֶעכֶערֶע מדרגה פוּן דעֶר טעֶכנִיק.

האָט אָבּעֶר אַ קאַפִּיטאַלִיסט גֶעפוּנֶען אַ מִיטֶעל, װי אַזױ דוּרך אַ גרעֶסעֶרעֶר אַרבּײַטסצוּטײַלוּנג, דוּרך אָנװעֶנדעֶן און אױסבּעֶסעֶרעֶן נײַעֶ מאַשִׁינֶען, דוּרך אַ מעֶהר און בּעֶסעֶר אױסנוּצֶען פוּן דִי נאַטוּרקרעֶפטֶען צוּ פּראָדוּצִירֶען מִיט דעֶר זעֶלבּעֶר סוּמֶע פוּן אַרבּײַט, אָדעֶר פוּן אָנגעֶקלִיבּעֶנֶע אַרבּײַט, מעֶהר פוּן זײַנֶע קאָנקוּרעֶנטֶען, דהיינו: אִין דעֶרזעֶלבּעֶר צײַט, װאָס זײַנֶע קאָנקוּרעֶנטֶען אַרבּײַטֶען אױס אַ האַלבּ אײל לײַװעֶנט, קען עֶר אױסאַרבּײַטֶען אַ גאַנץ אײל, װאָס װעֶט דעֶר דאָזִיגעֶר קאַפִּיטאַלִיסט דעֶמאָלט טהוּן ?.

עֶר װאָלט װײַטעֶר געֶקעֶנט פֶערקױפֶען אַ האַלבּ אײל לײַװעֶנט אױף דעֶם פְרִיהעֶרדִיגֶען מקח. דאָס װאָלט אָבּעֶר נִישט זײַן קײַן מִיטעֶל זײַנֶע געֶגנעֶר פוּן מאַרק צוּ פֶערטרײַבּעֶן און זײַן אײגעֶנעֶם אָבּזאַץ צוּ פֶערגרעֶסעֶרֶען. אָבּעֶר אִין דעֶר זעֶלבּעֶר מאָס, װאָס זײַן פּראָדוּקציעֶ האָט זִיך פֶערבּרײטעֶרט, פֶערבּרײַטעֶרט זִיך אױך זײַן בּעֶדעֶרפֶנִיש אִין אָבּזאַץ. דִי שטאַרקעֶרעֶ און טײַערעֶרעֶ פּראָדוּקציאָנס-מִיטלֶען, װאָס עֶר האָט אײַנגעֶפִיהרט, גִיבּעֶן אִיהם אפילוּ דִי מעֶגלִיכקײַט זײַן סחורה בִּילִיגעֶר צוּ פֶערקױפֶען, זײ צװִינגעֶן אִיהם אָבּעֶר גלײַכצײַטִיג מעֶהר סחורה

צו פֶערקויפֶען, צו פֶערכאַפֶען פאַר זיינע סחורות אַ פול גרעסערען מאַרק; ווערט אַלזאָ אַ נזער קאַפּיטאַליסט פֶערקויפֶען אַ האַלב אַייל ליִיוועַנט בּיליגער פון זיינע קאָנקורענטען.

דער קאַפּיטאַליסט וועט אָבער נישט פֶערקויפֶען אַ גאַנץ אַייל לייוועַנט אַזוי בּיליג, ווי זיינע קאָנקורענטען אַ האַלב אַייל, הגם איהם קאָסט דאָס פּראָדוציִרען אַ גאַנץ אַייל לייוועַנט נישט מעהר ווי די אַנ-דערע אַ האַלב אַייל. ער וואָלט זיך נאָר אויסגעשלאָגען די פּראָ-דוקציאָנסקאָסטען, אָבער נישט בּעקומען קיין בּעזונדערען ריוח. זיין גרעסערע הכנסה, וואָלט שטאַמען דערפון, וואָס ער האָט געלאָזט אין גאַנג אַ גרעסערען קאַפּיטאַל, אָבער נישט פון דעם, וואָס זיין קאַפּיטאַל האָט אַ גרעסערען ווערט ווי אַנדערע. אַ חוץ דעם, דערגרייכט ער דעם צוועק, וואָס ער וויל דערגרייכען, ווען ער פֶערקויפט זיין סחורה בלויז מיט איניגע פּראָצענט בּיליגער, ווי זיינע קאָנקורענטען. ער שטופּט זיי אַרויס און פֶערכאַפּט לכל-הפּחות אַ טייל פון זייער אָבזאַץ, אַראָבּוואַרפֶענדיג די מקחים. אגב דאַרף מען נישט פֶערגעסען, אַז דער לויפֶענדיגער פּרייז פון אַ סחורה שטעהט תמיד נידריגער, אָדער העכער פון די פּראָדוק-ציאָנס-קאָסטען, לויט דעם, צו דער פֶערקויף פון דער סחורה פאַלט אויס אויף אַ גינסטיגע, אָדער נישט גינסטיגע צייט פאַר דער אינדוסטריע. די פּראָצענטער, וואָס דער קאַפּיטאַליסט, וועלכער האָט אָנגעווענדט אַ נייע, פּרוכטבּאַר פּראָדוקציאָנסמיטעל, וועט בּעקומען איבּער זיינע ווירקליכע פּראָדוקציאָנסקאָסטען, זעגען אָבהענגיג פון דעם, צו דער מקח פון אַנ׳אַייל לייוועַנט שטעהט אויפ׳ן מאַרק העכער אָדער נידריגער פון די געוועהנליכע פּראָדוקציאָנסקאָסטען.

די פּריווילעגיע פון אונזער קאַפּיטאַליסט וועט אָבער לאַנג נישט דויערען; זיינע קאָנקורענטען די קאַפּיטאַליסטען, וועלען איינפיהרען די זעלבּע מאַשינען, די זעלבּע אַרבּייטסצוטיילונג און אפילו דערבּרענגען נאָך אויף אַ העכערע מדרגה פון פאָלקאָמענהייט, און די דאָזיגע איינפיהרונג וועט ווערען אַזוי אַלגעמיין, בּיז דער מקח פון לייוועַנט וועט אַראָבּפאַלען נישט נור נידריגער פון אַלטען, נור אַפילו נידריגער פון די נייע פּראָדוקציאָנס-קאָסטען.

די קאַפּיטאַליִסטן גיִפינען זיך אַלזאָ געגענזייטיִג אין דעם זעל-בען מצב, אין וועלכען זיי האָבען זיך געפונען פאַר דער איינפיהרונג פון די נייע פּראָדוקציאָנס מיטלען. און זענען זיי פריהער געווען בכח מיט די דאָזיגע מיטלען צו פערקויפען פאַר'ן זעלבען מקח דאָפּעלט פּראָדוקטען, זענען זיי יעצט געצוואונגען צו פערקויפען דאָפּעלט פּראָדוקטען נידריגער פון אַלטען מקח. און ביי די געגענ-ווערטע פּראָדוקציאָנסקאָסטען הויבט זיך אָן פון דאָס ניי דאָס איינענע שפּיעל. מעהר אַרבייטסצוטיילונג, מעהר מאַשינען, אַ העכערע שטופע אויסנוצונג פון דער אַרבייטס-צוטיילונג און פון די מאַשינען. און די קאָנקורענץ ווירקט ווידער אַנטקעגען דעם געוואונשטען פּועל-יוצא.

זעהען מיר, ווי אין דעם פּראָדוקציאָנס-אופן, אין די פּראָ-דוקציאָנס-מיטלען קומען כסדר פאָר איבערקעהרעניִשען, רעוואָלו-ציאָניזירונגען: די אַרבייטסצוטיילונג רופט אַרויס אַ גרעסערע אַרבייטס-צוטיילונג: די אָנווענדונג פון מאַשינען אַ גרעסערע אָנ-ווענדונג פון מאַשינען; די הויכע אַרבייטס-מדרגה ציהט נויטווענדיגערהייד אויף אַ נאָך העכערע אַרבייטס-מדרגה.

דאָס איז דאָס געזעץ, וואָס שטויסט כסדר אַרויס די בור-זשואַזע פּראָדוקציע פון איהר אויסגעטראָטענעם וועג, און צווינגט דעם קאַפּיטאַל, קוים האָט עס אָנגעהויבען אָנצושטרענגען זיינע קרעפטען, וואָס אַמאָל מעהר און מעהר זיי אָנצושטרענגען. דאָס געזעץ, לאָזט דעם קאַפּיטאַל נישט רוהען און טרייבט איהם כסדר: פאָרווערטס! פאָרווערטס!

דאָס איז דאָס אייגענע געזעץ, וואָס וואַרפט אַראָב דעם מקח פון אַ סחורה אין די וואַקלונגען פון די האַנדעלס-עפּאָכען און גלייכט איהם נויטווענדיגערהייט אויס לויט די פּראָדוקציאָנס-קאָסטען.

מיט וואָס פאַר אַ געוואַלדיגע פּראָדוקציאָנס-מיטלען אַ קאַ-פּיטאַליסט זאָל נישט אַרויס אויפ'ן פלאַץ, די קאָנקורענץ וועט די

דאָזיגע פּראָדוקציאָנס־מיטלען פּעראַלגעמיינערן. פון דעם אויגענבליק אָן, וואָס זי האָט זיי פּעראַלגעמיינערט, איז די איינציגע פּעולה פון דער גרעסערער פּרוכטבאַרקייט פון קאַפּיטאַל, דאָס וואָס יעצט מוז ער צושטעלען פאר דעם זעלבען פּרייז 10, 20, 100—מאָל מעהר ווי פריהער. דער קאַפּיטאַליסט מוז יעצט פּערגרעסערען דעם אָבזאַץ אפשר אויף 1000 מאָל, כדי אויסצוגלייכען דעם נידריגען פּערקויפס־פּרייז דורך דער גרעסערע מאַסע פּערקויפטע פּראָדוקטען, ווייל ס'איז איצט נויטיג אַ מאַסענהאַפטער פּערקויף, ס'איז איצט נויטיג נישט נור צו בעקומען מעהר ריוח, נור אויך צו דעקען די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען, — דאָס פּראָדוקציאָנס־אינסטרומענט גופא ווערט כסדר, ווי מיר האָבען געזעהן, טייערער,—און ווייל דער מאַסענהאַפטער פּערקויף איז אַ לעבענס־פראַגע נישט נור פאַר איהם אַליין, נור אויך פאַר זיינע קאָנקורענטען, כלאַקערט זיך פאַנאַנדער דער אַלטער קאַמף אַלץ שטאַרקער, וואָס פּרוכטבאַרער'ס זענען די שוין ערפונדענע פּראָדוקציאָנס־מיטלען. די אַרבייטסצוטיילונג און די אַנווענדונג פון מאַשינען נעהמען דעריבער אַן וואָס אַ מאָל אַ גרעסערען מאַסשטאַב.

ווי גרויס דער כח פון די אָנגעווענדעטע פּראָדוקציאָנסמיטלען זאָל נישט זיין, זוכט די קאָנקורענץ כסדר אַרויסצורייסען ביים קאַפּיטאַל די גאָלדענע פּרוכטען פון דעם דאָזיגען כח. זי טהוט דאָס, צוריקפיהרענדיג דעם מקח פון דער סחורה צו די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען, מאַכענדיג פאַר אַ חק ולא יעבור דאָס ליפערן גרעסערע סומען פון פּראָדוקט פאַר דעם זעלבען פּרייז, ד. ה., וואָס ביליגער און שפּאָרזאַמער זי פּראָדוצירט, אַלץ ביליגער מוז זי פּערקויפען דעם פּראָדוקט.

דער קאַפּיטאַליסט האָט איינגענטליך נאָך אַלע זיינע אָנשטרענגונגען אויסגעשפּיעלט נור דאָס, אַז ער איז געצוואונגען אין דערזעלבער אַרבייטסצייט צו ליפערן מעהר פּראָדוקטען, מיט איין וואָרט, ער האָט אויסגעשטעלט נור שווערערע בעדינגונגען פאַר דער אויסנוצונג פון זיין קאַפּיטאַל. בעת

די קאָנקורענץ רודפ'ט איהם כסדר מיט'ן געזעץ פון פּראָדוקציאָנס־קאָסטען, און פערוואַנדעלט יעדעס געוועהר, וואָס ער שמידעט געגען זיינע געגנער, פאַר אַ געוועהר געגען איהם אַליין, זוכט דער קאַפּיטאַליסט כסדר דעם קאָנקורענט צום נאַר צו מאַכען, איינפיהרענדיג אָנשטאָט די אַלטע פּראָדוקציאָנס־מיטלען כסדר נייע, הגם טייערערע, אָבער ביליגער פּראָדוצירענדיגע מאַשינען און אַרבייטסצעטיילונגען, נישט וואַרטענדיג ביז די קאָנקורענץ וועט די נייע מיטלען אַלט מאַכען.

שטעלען מיר זיך פאָר די דאָזיגע פיבערהאַפטע בעוועגונג אויפ'ן גאַנצען וועלט־מאַרק, בעגרייפען מיר, פאַר וואָס דער וואוקס, די אָנקלייבונג און קאָנצענטרירונג פון קאַפּיטאַלען ציהען נאָך זיך אַנ'אונאויפהערליכע אַרבייטסצעטיילונג, וועלכע איבערשטייגט זיך אַליין און וועלכע הויבט זיך כסדר אויף אַ ריזענהאַפטער מדרגה, אָנווענדענדיג וואָס אַמאָל פערפאָלקאָמענערע און נייערע מאַשינען.

וואָס פאַר אַ ווירקונגען אָבער האָבען די דאָזיגע ערשיינונגען, וואָס בעגלייטען כסדר דעם פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל אויף די לוינאַרבייט?

די גרעסערע אַרבייטסצעטיילונג מאַכט מעגליך פאַר איין אַרבייטער אָבצוטהון די אַרבייט פון 5, 10, 20 אַנדערע אַרבייטער: זי פערגרעסערט דעריבער די קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער אויף 5, 10, 20 מאָל. די אַרבייטער קאָנקורירען צווישען זיך נישט גיר דערמיט, וואָס זיי פערקויפען זיך איינער ביליגער פון צווייטען; זיי קאָנקורירען צווישען זיך מיט דעם, וואָס איינער טהוט אָב די אַרבייט פאַר 5, 10, 20 אַנדערע אַרבייטער; און די אַרבייטסצעטיילונג, וואָס דער קאַפּיטאַל פיהרט איין און פערגרעסערט כסדר, צווינגט די אַרבייטער אַזויערנאָך צווישען זיך צו קאָנקורירען.

ווייטער: וואַקסט די אַרבייטסצעטיילונג, ווערט אין דערזעלבער מאָס איינפאַכער די אַרבייט. די בעזונדערע פלינקייט פון אַרבייטער פערלירט איהר ווערט. ער ווערט פערוואַנדעלט אין אַ

פשוט׳ען, איינטעניגען פראָדוקטיוועו כח, וואָס דאַרף נישט שטע־לען אין קאָן נישט קיין קערפּערליכע, נישט קיין גייסטיגע פעהיג־קייטען. זיין ארבייט ווערט צוטרעטליך פאַר יעדערען. פון אַלע זייטען שפּאַרען זיך קאָנקורענטען, אַגב געדענקען מיר דאָך, אַז וואָס פשוט׳ער, וואָס לייכטער אַנ׳אַרבייט איז, וואָס וועניגער פּראָ־דוקציאָנס־קאָסטען ס׳פאָדערט זיך, כדי זיך די אַרבייט אויסצולער־נען, אַלץ טיעפער פאַלט דער אַרבייטסלוין, ווייל ער ווערט, ווי דער פּרייז פון יעדער אַנדערער סחורה, בעשטימט דורך די פּראָ־דוקציאָנס־קאָסטען.

די קאָנקורענץ אַלזאָ שטייגט און דער אַר־בייטסלוין פאַלט אין דער זעלבער מאָס, ווי די אַרבייט ווערט וועניגער בעפרידיגענד, עקעלהאַפּ־טער. דער אַרבייטער בעמיהט זיך איינצוהאַלטען דעם הויך פון זיין אַרבייטסלוין, אַרבייטענדיג מעהר שעה׳ן אָדער אויסאַרבייטענ־דיג מעהר פּראָדוקטען אין דער זעלבער שעה. געטריבען דורך דער נויט, פערשטאַרקט ער נאָך די שלעכטע ווירקונגען פון דער אַרבייטס־צעטיילונג. און דער פועל־יוצא: וואָס מעהר ער אַר־בייט, אַלץ וועניגער לוין בעקומט ער, פשוט דערפאַר, ווייל אין דער זעלבער מאָס, וואָס ער קאָנקורירט מיט זיינע אַרבייט־טער, פערשאַפט ער זיך אין זיינע מיטאַרבייטער אַזוי פיעל קאָנ־קורענטען, וועלכע זענען גרייט צו אַרבייטען ביי די זעלבע שלעכטע בעדינגונגען, ווי ער אַליין, ווייל סוף־כל־סוף קאָנקורירט ער מיט זיך אַליין, אַלס־מיטגליעד פון אַרבייטער־קלאַס.

די טעכניק ברענגט מיט זיך די זעלבע רעזולטאַטען, נור נאָך אין אַ גרעסערען גראַד, אויסבייטענדיג די קוואַליפיצירטע אַר־בייטער אויף נישט קוואַליפיצירטע, מענער אויף פרויען, דערוואַק־סענע אויף קינדער. וואו די מאַשינען ווערען איינגעפיהרט צום ערשטען מאָל, וואַרפען זיי די האַנד־אַרבייטער אַרויס מאַסענ־ווייז אויפ׳ן גאַס; און וואו זיי ווערען אויסגעבילדעט, פערבעסערט,

פֿערבּיטען מיט מעהר פּראָדוקטיווע מאַשינען, ווערען די אַרבּייטער אַרויסגעשטופּט ביסלעכווייז גרופּענווייז.

אויבען האָבּען מיר בקיצור געשילדערט דעם אינדוסטריעלען קריזיס פון די קאַפּיטאַליסטען צווישען זיך. די אייגענטימליכקייט פון דעם דאָזיגען קריזיס בעשטעהט אין דעם, וואָס די שלאַכטען ווערען אין דעם קריזיס געוואונען נישט דורך פערגרעסערען, נור דורך פערקלענערען די אַרבּייטער־אַרמעע. און אין דעם דאָזיגען פּרט ליציטירען זיך די קאַפּיטאַליסטישע אָנפיהרער אַריבּער איינער דעם אנדערען.

די עקאָנאָמיסטען דערצעהלען אונז אַפילו, אַז די אַרבּייטער, וואָס זענען געוואָרען איבּעריג צוליעב די מאַשינען, געפינען אַרבּייט אין נייע אינדוסטריע־צווייגען. זיי דערוועגען זיך אָבּער נישט גלייך צו זאָגען, אַז די זעלבּע אַרבּייטער, וואָס זענען אָבּגעזאָגט געוואָרען, געפינען בעשעפטיגונג אין נייע אַרבּייטס־צווייגען. צו הויך שרייען די פאַקטען געגען דעם דאָזיגען שקר. זיי זאָגען אייגענטליך נור, אַז פאַר אַנדערע טיילען פון אַרבּייטער־קלאַס, דהיינו: פאַר דעם יונגען אַרבּייטער־דור, וואָס שטעהט שוין גרייט אַריינצוטרעטען אין דעם אונטערגעגאַנגענעם אינדוסטריע־צווייג, געפינען זיך נייע בעשעפטיגונגען. דאָס דאַרף, כלומר׳שט, טרייסטען די געפאַלענע אַרבּייטער. פאַר די העררן קאַפּיטאַליסטען, וועט נאַטירליך קיין פריש בלוט און פליייש צום עקספּלואַטירען נישט אויספעהלען, און די טויטע לאָזען זייערע טויטע בעגראָבּען. דאָס קאָן אָבּער גיכער טרייסטען די בורזשואַזיע, איידער דעם אַרבּייטער. ווען דער גאַנצער קלאַס פון לוינאַרבּייטער זאָל פערניכטעט ווערען דורך די מאַשינען, ווי שרעקליך וואָלט עס זיין פאַר׳ן קאַפּיטאַל, וואָס קאָן אָהן לוינאַרבּייט קיין קיום נישט האָבּען!

נעהמען מיר אָן, אַז אַלע אַרבּייטער, וואָס זענען דורך די מאַשינען אַרויסגעשטויסען געוואָרען; און דער טייל פון יונגען דור, וואָס האָט זיך געגרייט אין דעם פאַך אַריינצוטרעטען, אַלע האָבּען געפונען נייע בעשעפטיגונגען. קאָן מען גלויבּען, אַז די אַר־

בײַט װעט אַזױ גוט בעצאָהלט װערען, װי די פערלױרען געגאַנ־
גענע? דאָס װאָלט סותר זײַן אַלע געזעצען פון
דער עקאָנאָמיע. מיר האָבען געזעהען װי די מאָדערנע
אינדוסטריע פיהרט צו דעם, אַז די פּערװיקעלטערע, העכערע
בעשעפטיגונגען, זאָלען פערביטען װערען אויף פשוט׳ערע און
נידריגערע אַרבײַטען.

װי קאָן אַלזאָ אַנ׳אַרבײַטער־מאַסע, װאָס איז דורך דער
טעכניק אַרױסגעװאָרפען געװאָרען פון אײן אינדוסטריע־צװײַג, —
גלײַך אַרײַנדרינגען אין אַנ׳אַנדערען און זאָל דערבײַ נישט נידריגער, ערגער בעצאָהלט װערען?

װי אויף אַ יוצא־מן־הכלל האָט מען אָנגעװיזען אויף די
יעניגע אַרבײַטער, װאָס זענען בעשעפטיגט אין דער מאַשינען־
פראָדוקציע. װערט אין דער אינדוסטריע געפאָדערט און גענוצט
מעהר מאַשינען, מוז זיך די צאָהל פון מאַשינען פערמעהרען, מוז
זיך פערגרעסערען די מאַשינען־פאַבריקאַציע, אַלזאָ, די צאָהל אַר־
בײַטער, װאָס זענען בײַ דער מאַשינען־פאַבריקאַציע בעשעפטיגט;
און די אַרבײַטער פון די דאָזיגע פאַכען זענען קװאַליפיצירטע,
אָפט אַפילו געבילדעטע אַרבײַטער.

די דאָזיגע מײנונג, אין װעלכער איז אַפילו פריהער אויך
געװען בלויז אַ העלפט אמת, האָט אָבער פון יאָהר 1840, פער־
לױרען יעדע שײַן פון אמת, װײַל צו פאַבריצירען מאַשינען װע־
רען כסדר אײַנגעפיהרט נײַע, קאָמפּליצירטע מאַשינען, נישט װע־
ניגער, למשל, װי אין דער בוימוואָל־פאַבריקאַציע, און אין פער־
גלײַך מיט העכסט קונסטפולע, זענען די אַרבײַטער בלויז קונסט־
לאָזע מאַשינען.

אָבער אָנשטאָט דעם דורך די מאַשינען אַרױסגעשטופּטען
דערװאַקסענעם מאַן בעשעפטיגט די פאַבריק אפשר דרײַ קינ־
דער און אײן פרױ! צי האָט דער לוין פון דעם אַרבײַטער
פריהער נישט געמוזט גענוגען אויף פאַר אַ פרױ און דרײַ קינ־
דער? צי מוז דער מינימום פון אַרבײַטסלוין נישט גענוגען, כדי
די ראַסע צו דערהאַלטען און פערמעהרען? װאָס בעװײַזען אַלזאָ

די דאָזיגע ליעבע טענות פון דער בורזשואַזיע ניט מעהר, ווי דאָס, וואָס יעצט מוזען פערברויכט ווערען אַ סך מעהר אַרבייטער־לעבענס ווי פריהער, כדי איין אַרבייטער־משפחה זאָל האָבען היינה.

רעזומירען מיר: וואָס מעהר עס וואַקסט דער פראָדוקטיווער קאַפּיטאַל, אַלץ מעהר פערשפּרייט זיך די אַרבייטס־צעטיילונג און די אַנווענדונג פון מאַשינען. וואָס מעהר עס פערשפּרייט זיך די אַרבייטס־צעטיילונג און די אַנווענדונג פון מאַשינען, אַלץ מעהר פערשפּרייט זיך די קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער, אַלץ נידריגער פאַלט דער לוין.

דערצו רעקרוטירט זיך נאָך דער אַרבייטער־קלאַס אויך פון די העכערע שיכטען פון דער געזעלשאַפט; עס פאַלען אין איהם אַראָב אַ מאַסע קליינע פאַבריקאַנטלעך און אַנדערע קליינע מענשעלעך, וואָס קענען זיך צו קיין בעסערע זאַך ניט נעהמען, ווי אויסצושטרעקען גלייך מיט אַרבייטער די הענד נאָך אַרבייט. אַזוי ווערט דער וואַלד פון אויסגעשטרעקטע הענד נאָך אַרבייט אַלץ געדיכטער און די הענד אַליין — מאָגערער.

דער קליינער אונטערנעהמער קאָן ניט, פערשטעהט זיך, אויסהאַלטען דעם קאַמף, אין וועלכען איינע פון די ערשטע בעדינגונגען איז צו פּראָדוצירען אויף אַ כסדר העכערע מדרגה, ד. ה. צו ווערען אַ גרעסערער און ניט קיין קלענערער אונטערנעהמער.

עס פאָדערט זיך אויך ניט קיין סך צו דערקלערען, אַז דער פּראָצענט פון קאַפּיטאַל פאַלט אין דערזעלבער מאָס, ווי דער קאַפּיטאַל אַליין וואַקסט אין מאָס און אין צאָהל, ווי דער קאַפּיטאַל וואַקסט אָן, און אַז דאָס קליין מענשעל קאָן דעריבער מעהר פון זיין רענטע ניט לעבען און מוז זיך דעריבער וואַרפען צו דער אינדוסטריע, אַלזאָ, העלפען פערגרעסערן די רייהען פון די קליינע אונטערנעהמער און ממילא די קאַנדידאַטען אויף פּראָלעטאַריער.

אין דער זעלבער מאָס, לסוף, ווי די קאַפּיטאַליסטען זע־

רען געצוואונגען, דורך די איבערגעשילדערטע באַוועגונגען, די שוין פֿאַרהאַנענע ריעזיגע פּראָדוקציאָנס־מיטלען אויף אַ העכערער מדרגה אויסצונוצען און צו ברענגען דעריבער אין באַוועגונג אַלע ספּרענזשינעס פֿון קרעדיט, אין דערזעלבער מאָס פֿערמעהרען זיך די איבערגעטריבענע ערד־ציטערנישען, געגען וועלכע די האַנדעלס־וועלט באַשיצט זיך נור דורכדעם, וואָס זי גיט אָב אַ טייל פֿון רייכטום, פֿון די פּראָדוקטען און אַפֿילו פֿון די פּראָדוקציאָנס־כחות אַלס קרבן פֿאַר'ן טייוועל, — פֿערשטאַרקען זיך, מיט איין וואָרט, די קריזיסען. זיי ווערען אָפֿטער און שטאַרקער, אין דערזעלבער מאָס, ווי די פּראָדוקטען־מאַסע, אַלזאָ די באַדערפֿעניש אין מערק וואַקסט, ווערט דער וועלט־מאַרק אַלץ ענגער, אַלץ ווייניגער בלייבען נייע מערק צום עקספּלואַטירען, ווייל יעדער פֿריהערדיגער קריזיס האָט שוין אַריינגעצויגען אין וועלט־האַנדעל אַ נאָך ניט אויסגענוצטען אָדער אַ ווייניג אויסגענוצטען האַנדעלס־מאַרק. דער קאַפּיטאַל טהוט אָבער ניט בלויז לעבען פֿון דער אַרבייט. אַזוי ווי אַ מיוחס אַ שקלאַפֿען־בעזיצער, נעהמט ער מיט זיך אין קבר אַריין די טויטע קערפּער פֿון זיינע שקלאַפֿען גאַנצע בערג אַרבייטער־קרבנות, וואָס געהען אונטער אין קריזיס.

מיר זעהען אַלזאָ: וואַקסט גיך דער קאַפּיטאַל, וואַקסט די קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער נאָך גיכער, ד. ה. אַלץ מעהר פֿערקלענערען זיך די בעשעפֿטיגונגס־מיטלען, די לעבענס־מיטלען פֿאַר'ן אַרבייטער־קלאַס; און פֿונדעסטוועגען איז דאָס גיכע וואַקסען פֿון קאַפּיטאַל די גינסטיגסטע בעדינגונג פֿאַר די לוינאַרבייט.



